שלמה סוסקאָוויטש

# די צוויי קוואַלן פון מאָראַל



אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס
בוענאָס־איירעס
ה'תשכ"ד — 1963

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

שוין קרוב צו אַ פערטל יאָרהונדערט ווי דער מחבר גיט זיך אָפּ מיט די פּראָבלעמען פון עטיק. זיין ערשטע גרעסערע אַרבעט אויף אַ פילאָסאָפישער טעמע האָט געהייסן עטישע עקוויוואַלענטן, געווען געדרוקט אין די פּרעסע און אויך אין דער אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע (1944). מיטן אָנהייבן דערשיינען פון דעם פילאָסאָפישן זשורנאַל דווקא (1949) האָט דער מחבר אין פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס זיינען דאָרט געדרוקט געוואָרן, זיך אומגעקערט צו אָט דער טעמע. ספּעציעל אין די נומערן פון דווקא, וואָס זיינען געווען אָפּגעגעבן פאַר ספּינאָזאַן, ספר בראשית, ספר איוב, ספר קהלת און גאָר באַזונדער אין דעם עטיק־נומער. די אַרבעט וואָס ווערט דאָ געדרוקט, אונטערן נאָמען צוויי קוואַלן פון מאָראַל, האָט אָבער אין גאַנצן אַן אַנדער צוגאַנג. ספּעציעל וועגן דער באַגרינדונג פון אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן, וואָס איז אין דער עטיק פונדאַמענטאַל.

זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן מיין דאַנק דער פאַרוואַלטונג פון אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס פאַרן אַרויסגעבן דאָס בוך. זיי האָבן באמת נישט געקאַרגט קיין מי, אַז עס זאָל דערשיינען וואָס שענער. גאָר מיט אַ באַזונדערן דאַנק בין איך פאַרפליכטעט צו מיין חבר בער קרימסקי, וואָס איז רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דווקא, פאַר זיינע ווערטפולע באַמערקונגען ביים לייענען דעם כתב־יד און פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבעט ביים קאָרעגירן דאָס בוך.

שלמה סוסקאָוויטש

בוענאָס־איירעס, אָקטאָבער, 1963

# I. אַריינפיר

## 1. דאָס רעלאַטיווע און אַבסאָלוטע אין דער מאָראַל

עס ווערט איצט לערך הונדערט יאָר ווי ס'איז אין דער עטיק אַריינגעבראַכט געוואָרן די אידעע פון רעלאַטיוויטעט. ביז דעמאָלט האָט געהערשט דער גלויבן אַז דער מאָראַלער געזעץ איז אַבסאָלוט דער זעלביקער אין אַלע צייטן, אין אַלע ערטער און ביי אַלע באַדינגונגען. אין דעם האָבן געגלייבט סיי די רעליגיעזע, וואָס האָבן די מאָראַלע געבאָטן דערקלערט דורך דער „געטלעכער התגלות", און סיי די אַטעיִסטן וואָס האָבן די מאָראַלע געבאָטן דערקלערט דורך דער „נאַטירלעכער אינטויִציע". צווישן די וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט די אידעע פון רעלאַטיווער מאָראַל געפינען זיך אַזוינע דענקערס ווי אויגוסט קאָמט (1798—1857), דזשאָן סטיואַרט מיל (1806—1873), הערבערט ספּענסער (1820—1903), ק. דאַרווין (1809—1882), קאַרל מאַרקס (1818—1882), פרידריך ענגעלס (1820—1895) ווי בכלל אַלע פּאָזיטיוויסטן און מאַטעריאַליסטן. זייער גרונד־טעזיס איז אַז יעדער מאָראַלע האַנדלונג וואַקסט אַרויס פון געוויסע באַדינגונגען, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון צייט און אָרט. עס הייסט זיי זיינען אייגן בלויז איין פאָלק, איין תקופה, איין קלאַס אָדער איין שבט.

אויגוסט קאָמט האָט אין יאָר 1844 געשריבן, אין זיין **רעדע וועגן פּאָזיטיוון גייסט**, אַז „דער איינציקער וועזנטלעכער כאַראַקטער פון דעם נייעם פילאָסאָפישן גייסט באַשטייט אין דער נייטיקייט צו פאַרבייטן, ווו עס זאָל נישט זיין, דאָס אַבסאָלוטע אויף דאָס רעלאַטיווע". עס הייסט אַז ווו נאָר מע געפינט דעם באַגריף אַבסאָלוט דאַרף ער פאַרביטן ווערן אויף רעלאַטיוו.

אויך היינט איז, מחוץ דער רעליגיע, נישט פאַראַן קיין פּאַרטיידי-קערס פון אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן. אַלע פאָרשערס זיינען אויך היינט מסכים אַז יעדער מאָראַלער סיסטעם איז אַ רעלאַטיווער. איי-נער פון זיי דעפינירט עס אויף אַזאַ אופן: „יעדער אַבסאָלוטער מאָראַ-לער סיסטעם קומט פון אַ טעות אָדער אילוזיע. דער רעלאַטיווער מאָ-ראַלער סיסטעם האָט, לכל הפחות, דעם פאַרדינסט וואָס ער ווערט ערלעך אַרויסגעדרונגען פון דעם וואָס דאַכט זיך פאַר אַ דערוויזענעם און קלאָרן אמת" (1).

נאָך הונדערט יאָר פון דערפאַרונג איז זיכער די העכסטע צייט צו מאַכן אַ שטיקל חשבון פון דעם וואָס אַזוינס האָט אָט די נייע אידעע פון אַ רעלאַטיווער מאָראַל געבראַכט מיט זיך, און ווי ווייט אמת עס זיינען אירע פרינציפּן.

די רעלאַטיווע מאָראַל דאַרף נישט קיין באַווייזן. יעדער איינער זעט ווי אַזוי די מאָראַלע באַגריפן בייטן זיך פון דור צו דור, און ווי אַזוי די פּאָליטיש-עקאָנאָמישע סיסטעמען פון אַ לאַנד בייטן די מאָ-ראַלע מנהגים. דאָס איז אָבער די מאָראַל פון דעם מאַסע-מענטש וואָס וואַרפט פון זיך אַראָפּ זיין אחריות און גיט עס איבער דער „הערשנדיקער אויטאָריטעט" אָדער דער „הערשנדיקער עפנטלעכער מיינונג". אויב די „אויטאָריטעט" דערלויבט אים צו רויבן און מאָרדן וועט זיין (רעלאַטיווע) מאָראַלע פליכט זיין צו רויבן און מאָרדן, ווי דאָס האָבן געטאָן די דייטשן אונטער די נאַצים, ווי אויך די פּאָליאַקן, אוקראַינער, ליטווינער, רומענער און אַנדערע וועלכע זיינען געווען אונטער דער דייטשער הערשאַפט. דער פאַקט וואָס פרידלעכע פּויע-רים און פרידלעכע אַרבעטער האָבן געקענט אויספילן אַ מאָראַלע פליכט צו רויבן און מאָרדן אומשולדיקע און אומבאַהאָלפענע יידישע קינדער, פרויען און זקנים, ווו נאָר זיי האָבן זיי געטראָפן, מוז האָבן אַ דערקלערונג און מוז רעווידירן אַלע אונדזערע אָנגענומענע טעאָ-ריעס וועגן מאָראַל. אָט דער בלוטיקער פאַקט האָט מיט גאָר נישט באַרירט דעם מאָראַלן באַוווּסטזיין פון אָט די פעלקער. מיטן בייטן זיך פון דער „הערשנדיקער אויטאָריטעט" האָבן זיך אויך געביטן די

(1) George Gaylor Simpson, *El Sentido de la Evoluciôn,* Editorial Universitaria de Buenos Aires, 1961, pág. 273.

מאָראַלע פליכטן פון די פעלקער. דאָס איז די פּאַקטישע באַגרינדונג און אויך דער רעזולטאַט פון דעם וואָס מע רופט רעלאַטיווע מאָראַל און אויך פון דעם וואָס מע רופט רעלאַטיווער אמת.

דאָס אייגענע איז אויך היינט מיט דער מאָראַל פון דעם מאַסע־מענטש וואָס די „הערשנדיקע עפנטלעכע מיינונג" דיקטירט. דער יונגער דור, וואָס מיינט, אַז ער איז „פריי" און „אָריגינעל" אין זיין מאָראַלער אויפפירונג טוט פּאַקטיש בלויז דאָס וואָס די „הערשנדיקע עפנטלעכע מיינונג" דערלויבט אים. אויב די „עפנטלעכע מיינונג" דערלויבט אים, אַז ער זאָל נישט רעספּעקטירן די עלטערן אָדער, אַז ער זאָל זיך באַנוצן מיט „פרייער־ליבע" וועט זיין מאָראַלע פליכט זיין עס צו טאָן. די רעלאַטיווע מאָראַל איז די מאָראַל פון מאַסע־מענטש, אויך אַפילו דעמאָלט ווען די מאַסע מיינט, אַז יעדער איינער פון זיי איז אַ איבערמענטש.

די רעלאַטיווע מאָראַל מיינט בכן האַנדלען בלויז בהסכם מיטן לעצטן פּאַראַורטייל.

אָט דער „לעצטער פּאַראורטייל" פון די רעלאַטיוויסטן האַלט אונדז אַזוי באַהערשט, אַז מע דאַרף האָבן גאָר אַ סך מוט און אויך **חוצפה** צו ריידן היינט וועגן **אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן**. מע דערקלערט עס דערמיט, וואָס אין אַ וועלט וואָס האַלט זיך אין בייטן קען דער מענטש נישט זיין קיין אויסנאַם, בכן מוזן זיך אויך בייטן זיינע מאָראַלע באַגריפן. ווידער איז דעם מענטשנס נאַטור נישט קיין פּערפעקטע, בכן קען ער נישט פּרעטענדירן אויף פּערפעקטקייט, אָדער אַבסאָלוטקייט.

דער טעות וואָס מע האָט ביז איצט געמאַכט באַשטייט אין דעם וואָס מע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ מין אַלטערנאַטיוו פון פליכטן, אָדער מע נעמט אָן אַז די מאָראַלע פליכטן זיינען רעלאַטיווע אָדער מע נעמט אָן אַז די מאָראַלע פליכטן זיינען אייביקע און אַבסאָלוטע.

דעם טעזיס וואָס מיר פאַרטרעטן דאָ איז, אַז אַלע מאָראַלע סיסטעמען און געזעלשאַפטלעכע מנהגים זיינען טאַקע רעלאַטיווע, זיי וואַקסן אַרויס פון אינטערעסן, פּאַראורטיילן, איבערגלייבערישקייטן און קאָנווענציאָנאַליזמען פון יעדער תקופה, פאָלק און לאַנד. זיי שטעלן פאַר דאָס וואָס מע קען רופן אַ **ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט**. פאַראַן אָבער אַ ריין **הומאַניסטישע נויטווענדיקייט**, וואָס געפינט זיך איבער־

אַלע רעלאַטיווע מאָראַלע סיסטעמען און מנהגים. דאָס איז דער **אַב־סאָלוטער** מאָראַלער באַוווסטזיין, וואָס איז, זינט דעם אויפקום פון דעם היינטיקן מענטשן, איינער אומעטום און אין אַלע צייטן. מע קען זאָגן, אַז ס'איז פאַראַן אַ **ביאָלאָגישע** מאָראַל וואָס איז רעלאַטיוו און פאַראַן אַ ריין **הומאַניסטישע מאָראַל**, וואָס איז אַבסאָלוט.

אונטער אַבסאָלוטער מאָראַל פאַרשטייען מיר אַזאַ האַנדלונג, וואָס איז בהסכם מיטן איינגעבוירענעם מאָראַלן געזעץ, וואָס איז שטענ־דיק און אומעטום דער זעלביקער. אָט דער מאָראַלער געזעץ איז אויפ־געקומען צוזאַמען מיטן אויפקום פון דעם היינטיקן מענטשן. נישטאָ אין דעם קיין בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג, ווי עס לערנט דער עוואָלוציע־פרינציפּ, און ס'איז אויך נישטאָ קיין אָפּשטאַם. דער מאָראַלער געזעץ איז אויפגעקומען ווי אַ „שפּרונג" אָדער „עמערגענץ", פּונקט ווי דאָס קומט פאָר אין דער אינערטער מאַטריע. (זע וועגן דעם דאָס קאַפּ' 10).

אַוודאי איז אַ פראַגע, ווי אַזוי קען מען ריידן פון אייביקייט ווען מע ווייס אַז אין קאָסמאָס איז קיין שום זאַך נישט אייביק, און אַז אויך די פּלאַנעטן זיינען נישט אייביק. איז פאַר וואָס עפּעס זאָל דער מענטש זיין אַן אויסנאַם? אונטער אייביקייט פאַרשטייען מיר אָבער נישט קיין „ליידיקע" אייביקייט, וואָס וועט עקסיסטירן אויך דעמאָלט ווען דער מין מענטש וועט שוין נישט זיין. דער מאָראַלער געזעץ איז אייביק אויף דעם זעלביקן שטייגער ווי דאָס איז די צייט אין דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. פּונקט ווי ס'איז נישטאָ קיין „ליידיקע צייט", נאָר די צייט איז אַ עלעמענט פון דער מאַטעריע (פערטע דימענסיע), אַזוי איז נישט פאַראַן קיין „ליידיקע" אייביקייט, נאָר די אייביקייט איז ביים מענטשן אַ עלעמענט פון ווערטן. דאָרטן ווו עס זיינען פאַראַן ווערטן קען אויך זיין אייביקייט. די אייביקע מענטשלעכע אייגנ־שאַפטן זיינען **באַוווסטזיין** און **אַחריות**. כל זמן דער מענטש וועט האָבן באַוווסטזיין און אַחריות וועט ער זיין אייביק.

אַ באַווייז, אַז עס זיינען פאַראַן אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַ־לע ווערטן זעען מיר אין דעם, וואָס געוויסע פונדאַמענטאַלע מאָראַלע געבאָטן אָדער באַגריפן זיינען אַלט אַזוי פיל וויפל ס'איז אַלט דעם מענטשנס געשיכטלעכער זיכרון. מע ווייס עס פון געוויסע „שריפטן" וואָס מע האָט געפונען ביי אַלטע פעלקער, און דער עיקר פון דעם יידישן מיטאָס, ווי מיר געפינען אים אין די ערשטע עלף קאַפּיטלען

פון ספר **בראשית** (קאַפּיטל 17). דער פאַקט וואָס געוויסע יידישע מאָראַלע געבאָטן האָבן היינט פאַרלאָרן זייער מאָראַלן ווערט, דער־ווייזט אַז אויך דעמאָלט, אין דער וויטער פאַרגאַנגענהייט, איז שוין אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די רעלאַטיווע פליכטן און אַבסאָלוטע פליכטן. אַ שפּעטערדיקער באַווייז פאַר דעם איז דער ספר **איוב**, ווו איוב פאַרטרעט די אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן און זיינע פריינד, די רעלאַטיווע מאָראַלע ווערטן (קאַפּיטל 18).

נאָך אַ באַווייז אַז עס זיינען פאַראַן אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן זעען מיר אין דעם וואָס די מאָראַלע ווערטן זיינען אָביעקטיווע, קיינער קען נישט מאַכן אַז דאָס וואָס איז אַ אומגערעכטיקייט זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַ גערעכטיקייט (קאַפּיטל 11).

דאָס פּראָבלעם וועגן רעלאַטיוויזם און אַבסאָלוטיזם איז נישט בלויז קיין מאָראַלער. אויך אין דער דערקענטעניש איז מען נישט פריי דערפון. כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע צי איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטער אמת, דאַרף מען פריִער וויסן: וועלכער אמת? דער **פאָרמעלער אמת**, וואָס איז בהסכם מיטן קאָרעקטן לאָגישן דענקען, דער **מאַטעריעלער אמת**, וואָס איז בהסכם מיט דער רעאַליטעט וועלכע ער גיט איבער, אָדער דער **פּסיכאָלאָגישער אמת**, וואָס דריקט אויס דאָס עכטע, נאַטירלעכע און אויפריכטיקע, ווי דער היפוך פון דאָס אילוזאָרישע, אומנאַטירלעכע און פאַלשע?

דער אַבסאָלוטער אמת איז פאַר אונדז דער פּסיכאָלאָגישער, ווייל דאָס וואָס איז עכט, נאַטירלעך און אויפריכטיק קען קיין מאָל נישט פאַרלירן זיין ווערט.

אויך די מאַטעריעלע וועלט שטעלט זיך פאַר אונדז פאָר דורך צוויי פאָרמען, אָדער צוויי וועזנטלעכקייטן. איינע אַ רעלאַטיווע און די אַנדערע אַן אַבסאָלוטע. ווי אַ ביישפּיל קען אונדז דינען דאָס וואָס מע רופט אין דער פיזיק „צוויי טישן". איין טיש וואָס איז אונדז היימיש, ביי וועלכן מיר שפּאַרן זיך אָן, מיר לייגן אונדזער שפּייז און דער אַנדערער טיש, וואָס באַשטייט בלויז פון עלעקטראָנען אָדער ענערגיע.

דער היימישער רעלאַטיווער טיש האָט זיך זיין געשיכטע און עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע מינים טישן. דער אַבסאָלוטער טיש, וואָס באַשטייט בלויז פון עלעקטראָנען, האָט נישט קיין געשיכטע און איז אויך נישט אַנדערש אין איין טיש ווי אין אַן אַנדערן; זיין געשיכטע

איז אַ קאָסמישע. דאָס אייגענע איז אויך אין מאָראַל. די רעלאַטיווע מאָראַל האָט אַ געשיכטע און זי איז אַנדערש פון דור צו דור, אַזוי אויך אין צייט און אָרט. די אַבסאָלוטע מאָראַל האָט נישט קיין געשיכטע און זי איז אויך נישט אַנדערש אין צייט און אָרט. איר געשיכטע איז אַ קאָסמישע. זי איז אויפגעקומען צוזאַמען מיט דעם ציוויליזירטן מענטשן.

ווי באַקאַנט האָט אַנרי בערגסאָן (1859—1940) גערעדט וועגן צוויי קוואַלן פון מאָראַל. ער האָט זיינע אידעען וועגן דעם אַרויסגעבראַכט אין זיין ווערק וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען **די צוויי קוואַלן פון מאָראַל און רעליגיע.** אונדזערע קוואַלן זיינען אין גאַנצן אַנדערע. בערגסאָן מיינט, אַז די „געשלאָסענע מאָראַל" דאָס וואָס מיר רופן רעלאַטיווע, בייט זיך נישט, זי איז סטאַטיש. מיר מיינען פאַרקערט, אַז בלויז אָט די „געשלאָסענע מאָראַל" האַלט זיך אין איין בייטן, ווי מיר זעען עס ממש פאַר אונדזערע אויגן. אַזוי אויך מיינט בערגסאָן אַז די „אָפענע מאָראַל" דאָס וואָס מיר רופן אַבסאָלוטע, האַלט זיך אין איין בייטן, זי איז דינאַמיש. מיר מיינען פאַרקערט, אַז בלויז די „אָפענע מאָראַל" בייט זיך נישט, ווייל זי שטעלט פאָר די אידעע פון אמת און די אידעע פון מענטשלעכער חשיבות.

די רעלאַטיווע מאָראַל באַזירט זיך אויף פליכטן, די אַבסאָלוטע מאָראַל באַזירט זיך אויף אַחריות (זע קאַפּיטל 20).

צווייטע טייל

# די רעלאַטיווע מאָראַל

## 2. די יסודות פון דער ביאָלאָגישער מאָראַל

מיטן אויפקום פון דעם עוואָלוציע־פּרינציפּ האָט זיך פאַר שטאַרקט דער גלויבן אַז, היות דער מקור פון אַלץ איז אַ נאַטירלעכער דאַרף אויך דער מאָראַלער געזעץ האָבן אַ נאַטירלעכן מקור. עס הייסט אַ ביאָלאָגישן. דאַרווין האָט דעם שורש פון מאָראַל געפונען אין דעם קאַמף פאַר עקסיסטענץ וואָס דער מענטש פירט אַליין ווי אויך צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפט צו וועלכער ער געהערט. עס הייסט, כדי צו קענען עקסיסטירן שאַפט די געזעלשאַפט געוויסע נאָרמען. נישט גאָט הייסט אויסקלייבן דאָס גוטע און אויסמיידן דאָס שלעכטע, נאָר די געזעלשאַפט הייסט עס.

קאָנסעקוועגט מיט אַט דעם קריטעריום האָט לעווי־ברול (1857—1939) אין גאַנצן רעדוצירט דעם מאָראַלן געזעץ צו די סאָציאַלע באַציִונגען אָדער געוווינהייטן. ער האָט אין גאַנצן אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק וועגן אַן אַפּריאָרישן מאָראַלן באַוווסטזיין, וואָס באַשטימט וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט. ער האָט געשריבן אַז פּונקט ווי די וויסנשאַפט זוכט צו פאָרשן אָביעקטן אַזוי מוז די וויסנשאַפט, וואָס נעמט זיך אונטער צו פאָרשן די מאָראַלע רעאַליטעט, פאָרשן דעם מענטשנס געוווינהייטן ווי די סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט. אויף דעם מוז די וויסנשאַפט זיך באַנוצן מיטן פאַרגלייכונג־מעטאָד. קיין מער באַלערנדיקער פאַרגלייך קען נישט זיין ווי דער פאַרגלייך מיטן פּרימיטיוון מענטש ווי מיט דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט (2).

---

(2) L. Levy-Bruhl, *La Moral y la Ciencia de las Costumbres,* Daniel Jorro, Editor, Madrid, 1929, pág. VII.

לעווי-ברול האָט, בכן, געהאַלטן פונקט ווי די מעטאַפיזיקערס, כאָטש ער איז געווען קעגן זיי, אַז די „מאָראַלע רעאַליטעט אָדער נאַטור" עקסיסטירט מחוץ אונדז. זי איז נישט אָפּהענגיק פון אונדזער גוטן ווילן. די מאָראַלע געוווינהייטן אימפּאָנירן זיך אויף אונדז ווי אַ ביאָלאָגישער געזעץ. פונקט ווי מע פאַרשט די סאָציאַלע מנהגים אַזוי אויך דאַרף מען פאַרשן די מאָראַלע מנהגים. די מאָראַל איז, בכן, בלויז אַ טייל פון דער סאָציאָלאָגיע.

אין דעם זעלביקן נוסח שרייבט מאַקס נאָרדוי אין זיין ווערק **די ביאָלאָגיע פון דער עטיק**, ווו ער זוכט צו דערווייזן אַז די מאָראַלע געוווינהייטן זיינען נישט קיין איינגעבוירענע, נאָר צוגעקומענע. ער דערציילט פון אַן עקספּערימענט וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט צוויי פיש. אין איינעם אַן אַקוואַריום האָט מען אַריינגעלאָזן צוויי פיש, אַ גרויסן און אַ קליינעם. ביידע פיש האָט מען אָפּגעטיילט מיט אַ גלאָז. יעדער מאָל וואָס דער גרויסער פיש האָט זיך געוואָרפן איינצושלינגען דאָס קליינע פישל האָט ער זיך צעקלאַפּט. ביז ער איז מיד געוואָרן און האָט זיך מער נישט געוואָרפן אויף דעם צווייטן פיש. דעמאָלט האָט מען אַרויסגענומען דאָס גלאָז וואָס האָט זיי צעטיילט און ביידע פיש זיינען אַרומגעשווומען יעדער איינער אין זיין ווינקל. ווען דער גרויסער פיש וואָלט געקענט דענקען וואָלט ער זיכער באַשלאָסן אַז ס'איז פאַרבאָטן צו עסן קליינע פישלעך.

מאַקס נאָרדוי האַלט אַז דער שורש פון מאָראַל איז דער זעלביקער ווי ביי דעם גרויסן פיש. דער שטוים צו דעם גיט די געזעלשאַפט, וואָס דריקט אויס אַ ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט. די געזעלשאַפט, שרייבט ער, האָט נישט נאָר געגעבן דעם מענטשן די מאָראַלע באַגריפן, נאָר זי האָט ממש פיזיש געראַטעוועט דעם מענטשן פון אומקום. דער קאַמף פאַר עקסיסטענץ האָט געצוווּנגען צו פירן אַ בשותפותדיקן לעבן און אַרויפגעצוווּנגען אויף די מיטגלידער אַזעלכע נאָרמען וואָס זאָלן קענען פאַרטיידיקן אַלעמענס אינטערעסן (3).

די באַגריפן פון גוט און שלעכט, גערעכט און אומגערעכט צעפאַלן זיך פאַר אונדזערע אויגן מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט. יעדער

(3) Max Nordau, *Biología de la Etica*, V. H. Sanz Calleja, Editores, Madrid, 1919, pág. 43.

דור וואָס קומט אויף טוט אַלץ אויף אומצוּוואַרפן די אַלטע געוווינ־הייטן און פליכטן. דאָך מיינט עס נישט אַז דער עצם מאָראַלער געפיל ווערט אין גאַנצן אָפּגעוואָרפן. ביסלעכווייז קומען אויף נייע מנהגים און נייע פליכטן וואָס ווערן אַזוי נייטיק פאַר דער דערהאַלטונג פון דער געזעלשאַפט ווי דאָס זיינען געווען די פריִערדיקע. ווייל אָן מאָ־ראַלע פליכטן קען זיך קיין שום מענטשלעכע געזעלשאַפט נישט האַלטן. סיידן די עצם געזעלשאַפט זאָל זיך צעפאַלן. אָבער ביי דעם האַלט עס נישט. דאָס מאָדערנע לעבן אין די גרויסע שטעט קען זיך נישט באַגיין אָן דער קעגנזייטיקער הילף פון זייערע איינוווינערס. נישט ריידנדיק וועגן דער נייטיקייט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג, ווערט דער שטאָ־טישער מענטש ממש געצוווּנגען צו נעמען אויף זיך „כלומרשט פריי־וויליק" געוויסע מאָראַלע פליכטן. אויך ער מוז זוכן זיך אָפּצוגרענעצן פון שלעכטס אָדער שקר.

כמעט אַלע היינטיקע סאָציאָלאָגן און פּסיכאָלאָגן האַלטן אַז די מאָראַלע פליכטן זיינען נישט קיין איינגעבוירענע ביים מענטשן נאָר צוגעקומענע, אַזוינע וואָס וואַקסן אַרויס פון געזעלשאַפטלעכע נויטן. **אָט די געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ביאָ־לאָגישער נויטווענדיקייט. דאָס וואָס איז פריִער געווען אַ געוווינהייט, אַ גלויבן אָדער אַן איבערגלויבן ווערט אַ אינסטינקט און אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, אַזאַ מאָראַל האָט זי. דערפון, די כסדרדיקע ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין די באַגריפן פון גוטס און שלעכטס. נישטאָ דערביי קיין „אייביקע" אָדער „אָביעקטיווע" פּרינציפּן אויף וועלכע מע זאָל זיך קענען סומך זיין. די עפנטלעכע מיינונג ווייזט יעדן איינעם וואָס ער מעג טאָן און וואָס ער טאָר נישט טאָן.**

אַ לעבעדיקער ביישפּיל פון אַ רעלאַטיווער ביאָלאָגישער מאָ־ראַל, וועלכע אַלע מינים פּאָזיטיוויסטן און מאַטעריאַליסטן פּאַרטיי־דיקן, איז דער נאַציזם. קיינער קען נישט זאָגן אַז דער נאַציזם האָט נישט פּראַקטיצירט קיין קעגנזייטיקע הילף אָדער אַז די נאַצים האָבן נישט דערפילט זייער פליכט זיך מקריב צו זיין פאַר אַ פּרינציפּ. דאָס איז נישט געווען בלויז די מאָראַל פון אַ באַנדע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן דורך זייערע מעשים געזוכט צו צעשטערן דעם געזעלשאַפט־לעכן סדר אין וועלכן זיי לעבן, אָדער בכלל צו צעשטערן די געזעל־

שאַפט. דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט זיי אומקאָנדיציאָנעל גע־שטיצט. דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט איבערגענומען די נאַצישע מאָרד־מאָראַל. זיי האָבן דעם רויב און דעם מאָרד דערהויבן צו אַ קולט. היטלער האָט נישט באַהאַלטן זיינע טייוולשע כוונות, זיי האָבן געשטימט פאַר אים און אים געשטיצט מיט אַלע כוחות. נישט געווען קיין דייטשע שטוב וואָס האָט נישט גענאָסן פון זיין רויב. זייערע שטיבער, וואַרשטאַטן און פאַבריקן זיינען פול געווען מיט שקלאַפן פון די דעראָבערטע פעלקער. דערפון זיינען אויפגעקומען נייע געוווינ־הייטן און נייע פאַראורטיילן וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַ נייעם מאָראַלן סיסטעם.

אויב יעדער מאָראַלער סיסטעם איז בלויז אַ רעלאַטיווער און ווערט באַשטימט בלויז פון די באַדינגונגען אין וועלכע אַ פאָלק לעבט, ווי דאָס לערנען די היינטיקע פאָרשערס, איז די נאַצישע מאָראַל כשר לכל הדעות. ווייל איר אַנדערשקייט איז באַרעכטיקט דערמיט וואָס זי איז רעלאַטיוו און וואָס זי וואַקסט אַרויס פון די באַדינגונגען אין וועל־כע דאָס דייטשע פאָלק האָט געלעבט אָדער פון די באַדינגונגען וועלכע די נאַצים האָבן פאַר אים געשאַפן. ווו געפינט זיך איר אוממאָראַלי־טעט?

דאָס רוב היינטיקע טעאָרעטיקערס פון מאָראַל האָבן זיך בכלל נישט אָפּגעשטעלט אויף דעם נאַצישן מאָראַלן סיסטעם. בלויז צוויי ייִדן האָבן אויף דעם געזוכט אַן ענטפער. איינער דערקלערט זיך פאַר אַ שאַפער פון אַ נייער עטיק. ער איז אַ תלמיד פון קאַרל יונג און אינ־ספּירירט זיך אין דער קבליסטיש־מיסטישער הנחה אַז אויך אין דער טומאה געפינט זיך קדושה. ער האָט די חוצפה צו שרייבן, אַז „נישט נאָר די פאַרברעכערס זיינען שולדיק, נאָר אויך די קרבנות זיינען שול־דיק” (4). און אַז דאָס שלעכטס וואָס די נאַצים האָבן געבראַכט מיט זייער קומען צו דער מאַכט איז די זעלביקע שלעכטס וואָס לאָזט נישט געפינען קיין לייזונג פאַר די סאָציאַלע פּראָבלעמען און פאַר גלייכע רעכט פון די שוואַרץ־הויטיקע (5). עס קומט אויס אַז די נאַצישע

---

(4) Erich Neumann, *Psicología Profunda y Nueva Etica*, Compañía General Fabril Editora, Buenos Aires, 1960, pág. 12.

(5) Ibidem . . . , pág. 12.

מאָרד־מאָראַל איז די זעלביקע וואָס ביי אַלע פעלקער... דאָס שרייבט
אַ ייִד וואָס הייסט עריך ניומאַן און וווינט אין מדינת ישראל.

דער צווייטער ייִד איז עריך פראָם, וואָס איז נישט אין אַן ערך
טיפער פון דעם ערשטן. ער איז זייער אַן ערנסטער פאָרשער. ער כאַ־
ראַקטעריזירט די נאַצישע מאָראַל ווי אַן אויטאָריטאַרע. הגם ער דער־
מאָנט נישט די נאַצים ביים נאָמען פאַרשטייט מען גוט וועמען ער
מיינט. ער שרייבט: „ביים באַנוצן דעם טערמין אויטאָריטאַרע עטיק
באַציִען מיר זיך אויף דער איראַציאָנעלער אויטאָריטעט. אָננעמענדיק
דעם געוויינלעכן טייטש פון דעם וואָרט „אויטאָריטעט" וואָס איז דער
סינאָנים פון טאָטאַליטאַרע און אַנטי־דעמאָקראַטישע סיסטעמען" (6).
עס הייסט אַז די נאַצישע פאַרברעכנס זיינען די אייגענע ווי אַלע אַנ־
דערע טאָטאַליטאַרע פאַרברעכנס. דעריבער באַשטייט טאַקע ע. פראָם
אויף די קלאַסישע טעאָריעס וועגן מאָראַל און זעט נישט אין קיין
מעגלעכקייט אַז מע זאָל אין זיי קענען אַריינברענגען עפּעס נייס.

מיר זיינען איבערגעצייגט, אַז די נאַצישע מאָרד־מאָראַל האָט אַ סוף
געמאַכט צו אַלע טעאָריעס וועגן מאָראַל וואָס באַזירן זיך בלויז אויף
רעלאַטיוויזם און אויף דעם עוואָלוציע־פּרינציפּ. און האָט אויך אַ סוף
געמאַכט צו אַלע טעאָריעס, וועלכע לערנען אַז די לעבנס־באַדינגונגען
באַשטימען דעם גאַנג פון דער געשיכטע.

די רעלאַטיווע מאָראַל קען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט דעם וואָס
עמיל דורקהיים (1858—1917) האָט געשריבן, אַז „יעדער פאָלק האָט
זיך זיין מאָראַל וואָס ווערט באַשטימט פון די באַדינגונגען אין וועלכע
ער לעבט. מע קען, בכן, אויף קיין פאָלק נישט אַרויפצווינגען קיין אַנ־
דער מאָראַל, ווי גוט זי זאָל נישט זיין". אָט די דעפיניציע דריקט אויס
די שטעלונג צו מאָראַל פון אַלע פּאָזיטיוויסטן און מאַראַליסטן. דער
מענטש ווערט דאָ אונטערגעוואָרפן זיין ריין ביאָלאָגישן אַנימאַלן צו־
שטאַנד, וואָס האָט נישט די פרייהייט אַריבערצושפּרינגען זיינע באַ־
דינגונגען און מוז זיך צופּאַסן צו דער סביבה.

די רעלאַטיווע מאָראַל איז בכן די „מאָראַל" פון דעם בעל־חי,
וואָס לעבט בלויז אין די ענגע דלד אמות פון זיין ביאָלאָגישער וועלט.

---

(6) Erich Fromm, *Etica y Psicoanálisis, Fondo de Cultura Económica,* México - Buenos Aires, 1953, pág. 21.

## 3. קעגנזייטיקע הילף בײַ דעם בעל־חי

ס'איז בכן גאָר נישט קיין גוזמא ווען מע זאָגט, אַז די רעלאַטיווע מאָראַל איז אַ ביאָלאָגישע. זי איז די זעלביקע וואָס ביי דעם בעל־חי וואָס לעבט בלויז אין דער הערשאַפט פון נויטווענדיקייט. אַלץ וואָס ער טוט איז שטרענג דעטערמינירט. בעסער פון אַלעמען האָט אָט דעם צושטאַנד כאַראַקטעריזירט פּיאָטאָר קראָפּאָטקין (1842—1921). ער האָט געשריבן אַז דער מקור פון אַלע עטישע אידעען געפינט זיך אין דער נאַטור. אַז דער פּרימיטיווער מענטש האָט ביי די חיות געלערנט ווי אַזוי זיך מקריב צו זיין פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיינע נאָענטע, פאַר דעם ווילזיין פון דער גרופּע, פון דער אומענדלעכער מוטערלעכער און פאָטערלעכער צערטלעכקייט, ווי פון די נוצן וואָס מע האָט פון בשותפותדיקן לעבן (7). פאַרשטייט זיך, אַז קראָפּאָטקין האָט נישט געלייקנט, אַז צווישן חיות קומט פאָר אַ קאַמף, ווו דער שטאַרקערער פאַרניכטעט דעם שוואַכערן. דאָס איז אָבער בלויז צווישן פאַרשיידענע מינים. אָבער צווישן דעם זעלביקן מין, ווי למשל, וועלף מיט וועלף, איז דער אינסטינקט פאַר קעגנזייטיקער הילף אַן אַלגעמיינער (8).

די הייניטיקע וויסנשאַפט רעדט נישט וועגן דעם אין אַבסאָלוטע טערמינען. ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי, וואָלט עס אָפּגעלייקנט דעם פונדאַמענטאַלן געזעץ פון נאַטירלעכן אָפּקלייב. ווו דער שטאַרקערער העלפט נישט דעם שוואַכערן פון דעם זעלביקן מין. נישטאָ אין דעם קיין סימן פון קעגנזייטיקער הילף. אויך ווען עס ברעכט אויס אַ קאַמף צווישן חיות פון זעלביקן מין איז ביי זיי נישטאָ קיין שום איינזען. דער

(7) Pedro Kropotkin, *Etica,* Editorial Argonauta, Buenos Aires, 1925, pág. 38.

(8) Ibidem..., pág. 30.

שטאַרקערער נעמט פאַר זיך דעם גאַנצן זיג. עס קומט אויס, אַז די נאַ־טור פאַרמשפּט פון פאָרויס די ריזיקע מערהייט פון אַלע באַשעפענישן זיי זאָלן אומקומען נאָך איידער זיי ווערן צייטיק צום לעבן. ווען נישט דער כסדרדיקער אומקום פון די שוואַכערע, די וועלכע קענען זיך נישט צופּאַסן, וואָלט די ערד קליין געווען פאַר אַלע באַשעפענישן. דאַר־ווין האָט אויסגערעכנט אַז פון איין פּאָרל העלפאַנטן, וועלכע געהערן צו די וועלכע מערן זיך ווייניקער (אַ זי פון אַ העלפאַנט קען אין איר לאַנג לעבן געבוירן זעקס מאָל), וואָלטן אין משך פון אַ פּאָר הונדערט יאָר געוואָרן מיליאָנען. הײַנט וואָס זאָל מען שוין זאָגן פון אַזוינע באַ־שעפענישן וואָס אין איין סעזאָן מערן זיי זיך אין די טויזנטער? איז ווי אַזוי קען מען ריידן פון מאָראַלער גערעכטיקייט אין דער נאַטור?

דאָס שטערט אָבער נישט, אַז אַ סך באַשעפענישן זאָלן פאַרמאָגן אַ אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף. זיי פאַראייניקן זיך אויף אָנ־צוגרייפן פּונקט ווי אויף זיך צו פאַרטיידיקן. וועלף גרייפן נישט אָן בלויז אין איינעם, כדי צו קענען באַזיגן זייערע קרבנות, נאָר זיי טיילן זיך אָפּט איין אין צוויי גרופּעס. איין גרופּע אַטאַקירט און די צווייטע גרופּע שניידט איבער דעם וועג דורך וועלכן זיי קענען אַנטלויפן (9). אַזאַ פּלאַנירטע קעגנזייטיקע הילף געפינט מען אויך ביי אַנדערע באַ־שעפענישן. בעת די פּעליקאַנעס כאַפּן פיש, מאַכן זיי פריִער אַרום זיי אַ קרייז וועלכן זיי פאַרקלענערן כסדר. ביז זיי טרייבן די פיש אַריין אין צענטער און דאָרטן כאַפּט יעדער איינער זיין פּאָרציע. ווען די קעגנזייטיקע הילף ווערט געטאָן אויף אָנצוגרייפן מיינט עס נישט אַז די אַלע וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דעם קאַמף באַקומען אַ גלייכן חלק. פאַרקערט, אויך דאָ זיגט דאָס רעכט פונעם שטאַרקן (10).

אַנדערש איז אָבער ווען באַשעפענישן פאַראייניקן זיך אויף צו פאַרטיידיקן זיך פון אַ דרויסנדיקן שונא, דעמאָלט קעמפט טאַקע יע־דער איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם. עס זיינען אויך פאַראַן פאַלן, ווען איינצלנע דינען ווי וועכטערס פאַר דער סטאַדע, און מעלדן באַלד פון יעדער מעגלעכער געפאַר. ביי איניקע דערגייט עס ממש אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן פּערמאַנענטע שומרים, וועלכע באַוואַכן זיי־

(9) Heinz Woltereck, *La Vida Inverosímil*, Fondo de Cultura Económica, México-Buenos Aires, 1952, pág. 324.
(10) Ibidem . . . , pág. 324.

ערע חברים בעת זיי גייען זוכן שפּייז אָדער בעת זיי באַשפּייזן זיך גופא. העלפאַנטן און מאַלפּעס העלפן אַפילו זייערע פאַרוווּנדעטע חברים. ביי די מאַלפּעס דערגייט עס ממש צו אַלטרויִזם.

נאָרד-אַמעריקאַנער פאָרשערס האָבן דורכגעפירט פּרוּוון מיט צוויי שימפּאַנזעען. מע האָט ביידע פאַרשפּאַרט אין צוויי באַזונדערע שטייגן. מע האָט אָבער די שטייגן געשטעלט איינע נעבן די אַנדערע, אויף אַזאַ אופן אַז זיי זאָלן זיך געפינען אין באַציִונג. איינעם פון די שימפּאַנזעען האָט מען געגעבן עסן, דעם אַנדערן נישט. די הונגעריקע מאַלפּע האָט געהאַלטן אין איין בעטן, אויסציִענדיק די הענט. די זאַטע מאַלפּע איז אַ שטיקל צייט געווען גלייכגילטיק, דערנאָך האָט זי איר גענומען צוּוואַרפן ביסנס פון איר שפּייז. אַזוי האָבן זיך געביטן די מאָמענטן פון גלייכגילטיקייט מיט מאָמענטן פון רחמנותדיקער הילף. די הילף-אָפּרופן זיינען אָבער געווען מער ווי די גלייכגילטיקע מאָמענטן. געווען אויך פאַלן ווען דער זאַטער האָט נישט געוואַרט אַז דער הונגעריקר זאָל ביי אים בעטן, נאָר ער האָט אַליין אים צוגעוואָרפן פון זיין שפּייז.

אַן אינטערעסאַנטע פאָרעם פון קעגנזייטיקער הילף איז פאַראַן צווישן די געוויקסן און אינזעקטן. זייער שותפותדיקייט איז אַזאַ געטרייע, אַז אָן דעם וואָלטן זיי ממש נישט געקענט לעבן. דער באַטאַניקער ספּרענגעל איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אויסגעפונען אַז געוויסע בינען און גרויסע פליגן טראָגן דעם זוימען-שטויב פון איין בלום צו דער אַנדערער און פון דעם ווערן זיי באַפרוכפּערט. פאַר דעם באַצאָלן די בלומען די אינזעקטן מיט זייער טייערן נעקטאַר, מיט וואָס זיי שפּייזן זיך און פון וואָס די בינען פּראָדוצירן האָניק.

דעם גרעסטן וווּנדער פון קעגנזייטיקער הילף געפינט מען ביי אַ געוויסן בוים וואָס גיט אַ ווינקאָרט אין זיינע צווייגן פאַר אַ געוויסן מין אומשעדלעכער מערעשקע. ער גיט זיי אויך שפּייז, ווי צוקער און אייוווייסל. פאַר דעם באַשיצן די מערעשקעס דיביימער פון אַ געפערלעכן מין מערעשקע, וועלכע איז בכוח צו צעשניידן די בלעטער פון אַ גאַנצן וואַלד. ווען די פּאַראַזיטישע מערעשקעס דערנענטערן זיך צום בוים באַפאַלן זיי די אַנדערע מערעשקעס וואָס וווינען אין די צווייגן פון די ביימער און שטעלן זיך אוים אין אַ דיקער ריי ווי אַ וואַנט. די

פּאַראַזיטן מוזן אָפּטרעטן און די ביימער ווערן געראַטעוועט פון פאַר־ניכטונג.

די קעגנזייטיקע הילף דערגייט ביי געוויסע מינים צו אַ שטרענג געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזירטן לעבן. ביי בינען און מערעשקעס זיינען די יחידים אונטערגעוואָרפן אַזוינע שטרענגע געזעצן, וואָס זייער ציל איז צו דינען נישט די אייגענע אינטערעסן, נאָר די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. ביי בינען זיינען בכלל נישט פאַראַן קיין פּריוואַטע אינ־טערעסן, נאָר בלויז דער אינטערעס פון דעם כלל. די בינען שיינען צו זיין די „מאָראַלסטע" באַשעפענישן אויף דער וועלט. אַלע זייערע האַנ־דלונגען זיינען אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. דאָס פאָלק אָדער מאַסע ביי די בינען באַשטייט פון זיען וועלכע האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו האָבן אַ נאָכוווקס. בלויז די קעניגן, אָדער די מוטער פון דער געמיינשאַפט, מעג זיך פּרוכפּערן. די סאַנגאַנאַס ווערן טאָלערירט בלויז אויף וויפל מע דאַרף זיי האָבן אויף צו באַפּרוכפּערן די קעניגן. דערנאָך ווערן זיי אַרויסגעשטויסן פון דער געמיינדע ווי אומניצלעכע מיטגלי־דער. זיי קומען אום פון הונגער אָדער פון די ביסן פון די אַרבעטע־רינס. דאָס דערווייזט, אַז אין דער נאַטור איז די קעגנזייטיקע הילף, אויף וועלכער עס האַלט זיך די געזעלשאַפט, נישט תמיד דאָס העכ־סטע גוטס.

כדאַי נאָך צו פאַרלירן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פּערפעקטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזירונג פון די בינען. אַזוי מוז יעדער בין־אַר־בעטערין זיך אויסלערנען געוויסע זאַכן ביז זי דערגרייכט איר פולע ראָלע אין דער געזעלשאַפט. די ערשטע דריי טעג פון איר לעבן גיט זי זיך אָפּ מיטן רייניקן די צעלן און די איבעריקע טעג מיטן דערלאַנגען שפּייז פאַר די עלטערע. דערנאָך טוט זי אַנדערע אַרבעטן, וואָס זיינען פאַר איר באַשטימט. די פליכטן פון אַ בין־אַרבעטערין ענדיקן זיך נישט מיט דעם ערשטן פּעריאָד וואָס זי דינט אינעווייניק אין די בינ־שטאָקן. עס קומט נאָך דער פּעריאָד פון דינען מחוץ דעם בינשטאָק. קודם, די אויסשפּירונג, אויף צו וויסן ווו מע געפינט זיך. דערנאָך הייבט זי אָן אויסאַרבעטן וואַקס, פון וואָס זי בויט „שטיבלעך" פאַר דעם קליינוואַרג אין שפּייכלער. די בין טוט איר אַרבעט אַזוי פּערפעקט אַז קיין מאָדערנער אינזשעניער וואָלט נישט געקענט אויסניצן בעסער דעם באַגרענעצטן שטח און דעם באַגרענעצטן מאַטעריאַל. די הויפּט־

אַרבעט פון יענער צייט באַשטייט אָבער אינעם אויפקלייבן די שפּייז וואָס די פליִענדיקע בינען ברענגען און טראָגן איבער אין די צעלן. חוץ דעם האָט זי די פליכט צו האַלטן ריין דעם בינשטאָק. ווען זי ווערט אַלט 20 טעג הייבט זי אָן אויפזאַמלען די זוימען ווי אויך האָניק פון די בלומען וואָס זי דעפּאָזיטירט אין די קעסטלעך.

דאָס אַלץ דערווייזט אויף ווי ווייט די בין פירט אויס אירע אויפגאַבעס צו דער געזעלשאַפט ווי אַ „הייליקע פליכט". פון דעסט וועגן איז דינען בלינד דער געזעלשאַפט נאָך אַלץ נישט קיין מאָראַלער אַקט.

גאָר אַן אָריגינעלן פאַל פון קעגנזייטיקער הילף געפינט מען ביי די מערעשקעס. נישט ריידנדיק דערפון וואָס זיי פירן אויס זייערע געזעלשאַפטלעכע פליכטן אויף דעם פּערפעקטסטן אופן. פאַראַן אָבער פאַלן ווען זיי נעמען זיך די „פּרייהייט" נישט אויסצופירן זייערע פליכטן. אַזוי זיינען פאַראַן מערעשקעס גנבים, וואָס לעבן נישט פון זייער אַרבעט, נאָר פון דעם וואָס זיי נעמען צו ביי זייערע שכנים, וואָס זיינען אַ ביסל גרעסער פון זיי. אויף צו קענען זיך שיצן קעגן די שכנים, ביי וועמען זיי גנבענען, בויען זיי קלענערע נעסטן פאַר זיך אין וועלכע די אַנדערע קענען נישט אַריינגיין, ווייל זיי זיינען גרעסער. פאַראַן אויך מערעשקעס וואָס האָבן שקלאַפן. דאָס רוב אַזוינע וואָס געהערן צו אַ שוואַכערן מין. זיי גנבענען זיי ווען זיי ווערן געבוירן און צווינגען זיי דערנאָך צו אַרבעטן פאַר זיי. די מערעשקעס ביי די אַמאַזאָנען, עס הייסט די בעלי-בתים, ווערן דערפון ממש אומפעיִק צו דער אַרבעט. אפילו עסן קענען זיי נישט אַליין און די שקלאַפן מוזן זיי די שפּייז אַריינלייגן אין מויל (11).

ווי מיר זעען זיינען אויך אין דער נאַטור פאַראַן אַזוינע וואָס ברעכן דעם „מאָראַלן געזעץ". פאַראַן אָבער אויך פאַלן פון ממש הפקרות. אַזוי זיינען געוויסע מערעשקעס פּשוטע שיכורים. זיי פאַרשיכורן זיך מיט געוויסע ריחות (12). דעמאָלט פאַרלאָזן זיי אין גאַנצן זייערע נאַטירלעכע פליכטן און די גאַנצע געמיינשאַפט קומט אום. נישטאָ ווער עס זאָל אַרבעטן און ברענגען שפּייז. מיר האָבן דאָ אַ טיפּערן באַווייז ווי אַזוי די „מאָראַלע" דעגענעראַציע ברענגט צו אומקום.

אויך אין דעם פאַמיליע-לעבן איז ביי די חיות נישט אַלץ הפקר.

---

(11) Ibidem . . . , pág. 345.
(12) Ibidem . . . , pág. 345.

אויך ביי זיי זיינען פאַראַן אַזוינע וואָס פירן אַ שטרענגן פאַמיליע־לעבן. צווישן די פייגל טיילן זיך ספּעציעל אויס די גענדז, וואָס האַלטן זיך ביי מאָנאָגאַמיע. יעדער „ער” בויט זיך אַ נעסט צוזאַמען מיט אַ „זי”, און ביידע זאָרגן פאַר דער דערהאַלטונג פון זייערע קינדער. זיי פאַר־אייניקט נישט בלויז דער סעקסועלער אימפּולס, נאָר עפּעס אַזוינס וואָס קען אויף אונדזער שפּראַך הייסן אַ שטילער אַפּמאַך. דער קוריאָז איז וואָס אויך דער טאַטע גיט זיך אָפּ מיט באַשפּייזן און דערציִען זיינע קינדער. ביי די פעלד־הינער גיט זיך דער פאָטער אָפּ מער מיטן היטן די קליינוואַרג בעת די מוטער גיט זיך אָפּ מיטן באַשפּייזן זיי און באַ־האַלטן זיי אין אַ זיכערן אָרט, ווען עס דראָעט זיי אַ סכנה. ווען די מו־טער שטאַרבט צופעליק נעמט דער פאָטער איבער דער מאַמעס פליכטן. מיר האָבן דאָ אַזאַ מאָראַלע האַנדלונג וואָס קען נישט דערקלערט ווערן בלויז מיטן געזעץ פון קעגנזייטיקער הילף. אינטערעסאַנט, מע געפינט ביי חיות אַפילו פאַלן ווו די סעקסועלע באַציִונג צווישן ברי־דער און שוועסטער איז פאַרבאָטן. אָבער אויך דאָס איז שטרענג דע־טערמינירט, בכן, רעלאַטיוו.

פון דער אַנדערער זייט איז ביי חיות פאַראַן אַן אכזריותדיקע האַנדלונג צו אייגענע: פון עלטערן צו קינדער און פון קינדער צו על־טערן. די יונגע קינדער פון אַ געוויסן פויגל לאָזן אַרייך אין זייער נעסט זייער פאָטער נאָר אויב ער מאַכט די געוויינלעכע צערעמאָניאַלע באַ־גריסונג. טאָמער נישט, שלאָגן זיי אים און טרייבן אים אַוועק. די שוואַלב עסט אויף ביי געוויסע אומשטענדן אירע אייגענע קינדער. אַ יונגער פויגל, ווען ער געפינט זיך אין נעסט, ווערט ער אָפּגעהיט מיט מוטערלעכער זאָרג. אָבער דער זעלביקער פויגל, קוים געפינט ער זיך אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ פון זיין נעסט ווערט ער פון זיין מוטער באַהאַנדלט ווי אַ פאַנג און ווערט פאַרצוקט (13). עס הייסט אַז די איג־נאָראַנץ איז שולדיק אין דעם שלעכטס. אָט דער פאַל קען גוט דינען פאַר אַ ביישפּיל פון דעם וואָס סאָקראַט אָדער ספּינאָזאַ האָבן גע־לערנט.

(13) David Katz, *Animales y Hombres*, Espasa-Calpe, S. A., Madrid, 1942, pág. 235.

## 4. די מאָראַל ביי דעם פּרימיטיוון מענטשן

דער פּרעהיסטאָרישער מענטש, וועלכער האָט געלעבט אויף דער ערד מיט הונדערטער טויזנטער יאָרן צוריק האָט זיך, ווי עס שיינט, אומקאָנדיציאָנעל אונטערגעוואָרפן די נאַטור־געזעצן. בכן, איז וואָר־שיינלעך אַז די באַציִונג צווישן מענטש און מענטש איז ביי אים אויך נישט געווען אַנדערש ווי די שטרענגע נאַטור־באַדערפענישן האָבן עס געפאָדערט. עס הייסט, ער האָט זיך געקלאַמערט אין דעם אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף און האָט זיך קנאַפּ וואָס אָפּגעטיילט פון די איבעריקע בעלי־חי.

דער קוריאָז איז, אַז דער פּרעהיסטאָרישער מענטש, למשל, דער **נעאַנדערטאַלער**, וועלכער האָט געלעבט צווישן 150 און 60 טויזנט יאָר צוריק, קען נישט באַטראַכט ווערן ווי אונדזער עלטער־עלטער זיידע. טראָץ דעם וואָס ער האָט געפירט אַ געוויסן מין געזעלשאַפטלעכן לעבן און געהאַט אַפילו געוויסע רעליגיעזע מנהגים, ווי מקבר זיין טויטע און זיי מיטגעבן מתנות, זיינען דאָך אַלע פאָרשערס מיט דער מיינונג, אַז דער היינטיקער מענטש קומט נישט אַרויס פון דעם נעאַנדערטאַ־לער. מע איז משער אַז זיי ביידע האָבן געהאַט איין משפחה־שטאַם. דער אָפּשטאַם פון דעם היינטיקן מענטשן בלייבט בכן אַ געהיימעניש. זיין דערשיינען אויף דער ערד רעכנט מען איז געשען בלויז מיט אַ דרייסיק אָדער פערציק טויזנט יאָר צוריק. וואָס דאָס איז אומגלייבלעך יונג. זיין ערשטער אַקט איז געווען דאָס רעבעלירן קעגן דער נאַטור־נויטווענדיקייט. נישט די אינסטינקטן אָדער אימפּולסן האָבן באַשטימט זיין האַנדלונג, נאָר די **אידעען**. ס׳איז אויפגעקומען די תקופה פון דער „הערשאַפט פון אידעען".

ערנסט קאַסירער האָט דעם היינטיקן מענטשן גערופן **סימבאָלי־**

**שע באַשעפעניש,** ווייל מיר רעאַגירן נישט מער דירעקט און ספּאָנטאַן אויף די סטימולן, נאָר מיר נעמען אַ שטעלונג צו די סטימולן. און אַט די שטעלונג אונדזערע אַרבעטן מיר אויס אַ דאַנק געוויסע סימבאָלן. ווייל מיר לעבן אין אַ סימבאָלישער וועלט, ווי דאָס איז די שפּראַך, מי־טאָס, רעליגיע, קונסט און אַנדערע קולטור־ווערטן. די סימבאָלן אָבער זיינען נישט מער ווי פאָרמען. דער עיקר איז דער זינען וואָס מע לייגט אין זיי אַריין. אָן דעם זינען האָט קיין שום קולטור־ווערט, ווי שפּראַך, מיטאָס, קונסט, קיין שום ווערט נישט. און אַט דער זינען פון אַ סימ־באָל איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די **אידעע.** אַז די אידעען קענען זיין אמתע [אַדעקוואַטע] אָדער פאַלשע [נישט אַדעקוואַטע] איז אַ באַ־זונדערער ענין.

דער פּרימיטיווער מענטש, וועלכער האָט זיך פּסיכיש ראַדיקאַל אָפּגעטיילט פון דער אַנימאַלער וועלט, איז געווען מער באַהערשט פון דעם פאַקטאָר אידעען ווי דאָס איז דער היינטיקער ציוויליזירטער מענטש. ז. פרויד רופט עס די „איבערהערשאַפט פון אידעען", וועלכע ער געפינט ביי דעם פּרימיטיוון ווי ביי דעם היינטיקן נעווראָטיקער (14). ס'איז אָבער גאָר נישט נייטיק אַנצוקומען צו אַזאַ פאַרגלייך. דער קור־יאָז איז וואָס דאָס איז להיפּוך פון דעם וואָס מע האָט געגלייבט אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער וועגן דעם „ווילדן", ווען מע האָט פאַר־געשטעלט פאַר אַ פּסיכיש געזונטן. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו פאַרגלייכן אים צו אַ נעוורָאַטיקער. פאַרקערט, אַלע האָבן געגלייבט אַז דער פּרימיטיווער געפינט זיך נענטער צו דער נאַטור און אַז ער געניסט פון אַ גרעסערער גייסטיקער פרייהייט ווי מיר. אַז ער לעבט מער בהסכם מיט זיינע נאַטירלעכע באַדערפעענישן און באַגערן ווי מיר. אַז ער האָט נישט קיין נייטיקייט צו באַהערשן זיינע אימפּולסן אָדער תאוות, אַז ער לעבט זיך אויס אין דער פולער פרייהייט, ווי דער פויגל אויף דער פריי.

זשאַן זשאַק רוסאָ (1712—1778) קען דינען ווי אַ מוסטער פון אַזאַ מין שילדערן דעם פּרימיטיוון. רוסאָ האָט געהאַלטן, אַז אַלץ וואָס מע געפינט ביי דעם ציוויליזירטן מוז זיין שלעכט און אַלץ וואָס מע געפינט ביי דעם ווילדן מוז זיין גוט. אַזוי זיינען שלעכט אַלע וויסנ־

(14) Sigmund Freud, *Totem y Tabú*, Editorial Americana, Buenos Aires, 1913, pág. 121.

שאַפטן, אויך די מעדיצין, ווייל זיי האָבן נישט קיין ערלעכן אָפּשטאַם. די אַסטראָנאָמיע קומט פון דעם איבערגלויבן, מיט וואָס ס׳איז פול געווען די אַסטראָלאָגיע; דער שכל הישר — פון דער אַמביציע; די געאָמעטריע — פון קאַרגשאַפט, די פיזיק — פון פוסטער קוריאָזיטעט און די מאָראַלע האַנדלונגען נעמען זיך פון דעם מענטשנס גאווה. אַזוי אויך זיינען שעדלעך יעדער מין דערציִונג און דרוק־וועזן, ווי אַלע אינדוסטריעס. דער אומגליק פון אייראָפּע — האָט רוסאָ געשריבן — באַשטייט אין דעם וואָס דאָרטן געפינט זיך אַ סך תבואה און אייזן. אויף צו קענען פּטור ווערן פון אָט די אַלע אומגליקן מוז דער מענטש פּטור ווערן פון דער ציוויליזאַציע און זיך אומקערן צו דער נאַטור. ווייל דער ווילדער, קוים נאָר האָט ער אָפּגעגעסן, לעבט ער בשלום מיט זיך און מיט זיינע חברים און האָט נישט קיין אַנדערע באַדערפעענישן.

דער חידוש איז נישט וואָס מיט אַ צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אַ מענטש וואָס האָט, לויט אונדזער היינטיקן וויסן, אַבסאָלוט נישט געוווּסט וועגן וואָס ער האָט גערעדט. דער חידוש איז וואָס אָט דער „געניאַלער איגנאָראַנט" האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע השפעה נישט נאָר אויף זיין דור, נאָר אויך אויף די שפּעטערדיקע דורות. כמעט ביז אונדזער צייט.

אין דער אמתן האָט דער פּרימיטיווער בכלל נישט געקענט דאָס נאַטירלעכע לעבן. פאַר אים איז יעדער געשעעניש וואָס איז פאָרגעקומען מיט אים און אַרום אים געווען איבערנאַטירלעך. לעווי־בריל האָט די פּרימיטיווע מענטאַליטעט באַצייכנט ווי „די אַפעקטיווע קאַטעגאָריע פון דאָס איבערנאַטירלעכע". ער האָט אין אַלץ געזען בלויז דאָס איבערנאַטירלעכע. דעריבער האָט ער אַפילו נישט געקענט אָפּטיילן דאָס נאַטירלעכע פון דאָס איבערנאַטירלעכע. ווען, למשל, אַ מענטש איז אומגעקומען פון אַ בוים וואָס איז געפאַלן, פאַרצוקט געוואָרן דורך אַ טיגער אָדער געשטאָרבן פון אַן אָרגאַנישער קראַנקייט, איז דאָס פאַר דער פּרימיטיווער מענטאַליטעט נישט דער בוים, נישט דער טיגער, קראָקאָדיל, שלאַנג אָדער אָרגאַנישע קראַנקייט פון וואָס דער מענטש איז געשטאָרבן, נאָר דאָס איז די אַרבעט פון עפּעס אַ כישוף־מאַכער, וועלכער האָט אים פאַרמשפּט (15).

(15) Lucien Levy-Bruhl, *La Mentalidad Primitiva,* Editorial Lautaro, Buenos Aires, 1945, pág. 431.

מע האָט לעווי־ברילס טעאָריעס וועגן דער פּרימיטיווער מענטאַ־ליטעט היפּש אָפּגעפּרעגט. דער עיקר זיין טעאָריע וועגן „פּרעלאָגיק" אָדער דאָס פעלן פון לאָגישער סתירה, ווי דאָס נישט קענען אויסשליסן דעם דריטן עלעמענט, אַז יאָ קען נישט זיין ניין אָדער פאַרקערט. דאָך האָט קיינער נישט געלייקנט אין זיין טעאָריע וועגן דער הערשאַפט פון דאָס איבערנאַטירלעכע. רוט בענעדיקט זאָגט דאָס זעלביקע נאָר מיט אַנדערע ווערטער. זי שרייבט אַז די פּרימיטיווע גלייבן, אַז די גע־וויקסן וואַקסן נישט אָן כישוף, דער סעקסועלער באַגער קומט נישט אָן דער ליבע־מאַגיק; דער ווינט בלאָזט נישט אויב ער ווערט נישט גע־רופן דורך אַ מאַגישן כוח. די קראַנקייט אָדער טויט קומט נישט אָן די שמד־שטיק פון כישוף (16).

רוסאָס „נאַטור־מענטש" איז אין גאַנצן אויסגעזויגן פון פינגער. ער קען בשום אופן נישט דינען ווי אַ מוסטער פון מאָראַלער געזונט־קייט. אויב דער ציוויליזירטער מוז זיך כסדר אָפּזאָגן פון זיינע נאַטיר־לעכע באַדערפענישן האָט עס דער פּרימיטיווער נישט אַן ערך זיך מער דערפון געדאַרפט אָפּזאָגן. ער האָט אַפילו קיין באַגריף נישט געהאַט וואָס עס מיינט אַזוינס נאַטירלעכע באַדערפעניש. זיין עקסיסטענץ איז געווען אַרומגעצוימט מיט טאַבוס (פאַרבאָטן). עס הייסט ער איז אין גאַנצן געווען אונטערגעוואָרפן דער „אייבערהערשאַפט פון אידעען".

מע דאַרף געדענקען אַז די טאַבוס אָדער מצוות־לא־תעשה איז נישט דאָס אייגענע וואָס מיר פאַרשטייען היינט אונטער פאַרבאָטן, וואָס געוויסע ציווילע געזעצן שטעלן איין. פאַר דעם פּרימיטיוון האָט יעדער פאַרבאָט (טאַבו) געהאַט אַ טיפן זינען. דזשיימס ג. פראַזער באַ־צייכנט עס ווי דער געזעץ פון ענלעכקייט (17). מיר וואָלטן עס גערופן ווי דער פּערזאָניפיצירטער געזעץ פון שכר ועונש, ווו די מצוות־עשהס ווערן דורכגעפירט דורך כישוף, און די מצוות לא־תעשה ווערן דורכ־געפירט דורך טאַבוס. ביידע אָבער ווערן באַצאָלט דורך די איבערנאַ־טירלעכע כוחות וואָס מע באַקומט דערפון. פראַזערס געזעץ פון ענ־לעכקייט מיינט אַז אויב עמעצער איז עובר אויף אַ טאַבו וועט זיין שטראָף זיין ענלעך צו דעם אַקט וואָס ער האָט געטאָן. אַזוי, למשל,

(16) Ruth Benedict, *El Hombre y la Cultura*, Editorial Sudamericana, Buenos Aires, 1939, pág. 190.

(17) Sir James George Frazer, *La Rama Dorada*, Fondo de Cultura Económica, México, 1944, pág. 39.

האָט אויף דעם סאַכאַלין־אינדזל קיין טראַגעדיקע פּרווּ נישט געטאָרט צוויי חדשים פאַרן געבורט וועבן גער דרייען שטריק. ווייל ווען זי וואָלט עס געטאָן וואָלט דעם קינדס געדערים זיך פאַרדרייט אויף דעם זעלביקן שטייגער ווי די שטריק. אַזוי טאָר נישט די פּרווּ פון אַ יעגער וועבן בעת דער מאַן עסט, ווייל אַז נישט וועט דער יעגער נישט קענען טרעפן אין ציל אין זיין געיעג.

דעם באַטייט פון די פאַרבאָטן (טאַבוס) זעט מען קלאָר אין די וואָס באַציִען זיך אויף שפּייז. מע זעט עס אין דעם אופן ווי דער וויל־דער עסט געוויסע חיות כדי נישט צו באַקומען געוויסע שעדלעכע אייגנשאַפטן. אין מאַדאַגאַסקאַר וועט קיין סאָלדאַט נישט עסן קיין שרעקעוודיקע חיות, ווייל ער גלייבט, אַז ווען ער וועט עסן וועט ער אויך זיין שרעקעוודיק. אַזוי וועט אַ זעלנער נישט עסן קיין האָן וועל־כער איז געפאַלן אין שלאַכט. ביי געוויסע שבטים וועט מען נישט הרגענען קיין „ער״ פון אַ בעל־חי בעת עמעצער פון דער משפחה איז אין מלחמה. ווייל דאָס וועט מיינען אַז דערמיט האָט מען דערהרגעט דעם וואָס איז אויף מלחמה.

אויף יעדער טראָט שטויסט זיך דער פּרימיטיווער אָן אויף טאַבוס. אַזוי זיינען פאַראַן פאַרבאָטן אויף שפּייזן, אויף אויסלענדער, אויף דעם אויפגעדעקטן קאָפּ, אויף אייזן, אויף געוועך, אויף בלוט, האָר, נעגל און אָן אַ שיעור אַנדערע. פאַראַן אָבער אויך ריין „מאָראַלישע״ פאַר־באָטן, ווי, למשל, דער טאַבו אויף מאָרד. אין ניי גווינעאַ ווערט אַ מערדער באַטראַכט פאַר אומריין ביז ער וואַרפט זיך אונטער אַ שלל פון רייניקונג־צערעמאָניעס, ווען מע ווערט זיכער אַז דער גייסט פון דעם טויטן האָט זיך אָפּגעטאָן פון דעם מערדער און ער וועט שוין נישט זוכן נקמה צו נעמען פון אים אָדער פון דעם שבט (18). ווי מיר זעען ווערט די שטראָף פאַרן מאָרד נישט אָנגעווענדט צוליב הומאַנע מאָטיוון, נאָר אוים מורא פאַר נקמה, וואָס דעם טויטנס גייסט קען אויף זיי ברענגען.

די מאָראַל פון דעם פּרימיטיוון איז גאָר נישט אַזוי פּשוט ווי אַ סך מיינען, אין אַ סך פּרטים איז זי אַ סך קאָמפּליצירטער ווי ביי די ציוויליזירטע. נישטאָ קיין סימן ביי די פּרימיטיווע פון דעם וואָס מע רופט

(18) Ibidem . . . , pág. 261.

„קאַמף פון אַלע קעגן אַלע". אויך איז נישט אמת אַז ביי דעם פּרימי־טיוון מיינט מאָראַליש גוט, ווען ער נעמט צו דאָס ווייב ביי יענעם און מאָראַליש שלעכט, ווען עמעצער נעמט צו דאָס ווייב ביי אים. נישטאָ ביי זיי אַזאַ ריין עגאָיִסטישע מאָראַל. דער יחיד איז שטענדיק אונטער־געוואָרפן אַ שטרענגער געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין. ער האָט נישט קיין רעכט צו צעברעכן דעם איינגעשטעלטן סדר פון זיין משפחה, קלאַן, אָדער שבט, וועלכער ווערט פּראָטעזשירט פון איבערנאַטירלע־כע כוחות, ווי געטער, גייסטער, נשמות פון פאַרשטאָרבענע פּירערס (קאַציקן, כוהנים, מאַגיקער וכדומה). אויב עמעצער נעמט צו יענעמס ווייב קען דאָס גיכער מיינען, אַז ער ברענגט דערמיט אַ צרה אויף זיין משפחה, קלאַן אָדער שבט. ווייל יעדער באַשעפעניש האָט אַ „גייסט" וואָס פּראָטעזשירט אים. ווען איינער איז מנצח דעם אַנדערן מיינט עס נישט, אַז ער האָט אים פּיזיש באַזיגט, נאָר עס מיינט אַז זיין „גע־היימער „גייסט" האָט באַזיגט דעם אַנדערנס „געהיימען גייסט". ער איז אָבער שטענדיק אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר אַז דער באַזיג־טער „גייסט" זאָל קומען צו די כוחות און נקמה נעמען. אָדער אַז די משפּחה פון באַזיגטן „גייסט" זאָל קומען נקמה נעמען אָדער אויסלייזן דעם פאַרלאָרענעם מיטגליד, מיט וואָס ס'איז צעשטערט געוואָרן די „געטלעכע אָרדענונג" פון זייער געמיינשאַפט. די נקמה איז אָבער זעלטן ווען געווענדט קעגן דעם יחיד, זי פאַלט שטענדיק אויף דער גע־מיינשאַפט צו וועלכער דער יחיד געהערט.

דער פּרימיטיווער גלייבט אַז אין דער נאַטור קומט נישט פאָר קיין זאַך וואָס זאָל נישט זיין באַשטימט דורך אַ מאַגישן כוח. אַזוי אין דער געוויקסן־וועלט ווי אין דער אַנימאַלער וועלט. דעם שליסל צו דער האַנדלונג פון דעם פּרימיטיוון דאַרף מען זוכן אין דעם באַגריף מאַגיק.

דאָס אָפּהאַלטן זיך צו טאָן שלעכטס אָדער אומרעכט איז ביי דעם פּרימיטיוון נישט געקומען צוליב הומאַניסטישע מאָטיוון. ער האָט עס געטאָן אויס מורא פאַר די איבערנאַטירלעכע כוחות, וועלכע האָבן איינ־געשטעלט וואָס אַזוינס ס'איז גוט און וואָס אַזוינס ס'איז שלעכט, וואָס ס'איז רעכט און וואָס ס'איז אומרעכט. פאַר יעדער עובר זיין אויף אָט די נאָרמען האָט דערוואַרט אַ שטראָף. דאָס גאַנצע לעבן פון דעם פּרימי־טיוון איז באַהערשט געווען פון דעם קאָמפּלעקס פון דאָס איבערנאַ־טירלעכע. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז די מאָראַלע באַגריפן זאָלן אין

גאַנצן באַהערשט ווערן פון דער מורא נישט צו דערצאָרענען די „גיים־טער”. די שטראָף האָט זיך מער באַצויגן אויף דער געזעלשאַפט ווי אויף דעם יחיד. פונקט ווי ביי דעם בעל־חי איז ביי דעם פרימיטיוון די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט (משפּחה, קלאַן, שבט) געשטאַנען איבער די אינטערעסן פון דעם יחיד. איבער אַלץ האָט געהערשט די קאָלעקטיווע שולד.

די לעבנס־נויטן, עקאָנאָמישע ווי גייסטיקע, האָבן געצוווּנגען זיך צו גרופּירן אין קרייזן. פון דעם, די געזעלשאַפטלעכע אחריות. צום ערשט איז דאָס געווען דאָס פּראָטעזשירן די יונגע קינדער און די טראָ־געדיקע פרויען, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין הילף. מע קען, בכן, אָננעמען אַז די געזעלשאַפטלעכע פאָרמירונג איז פאַרגעקומען אַ דאַנק דעם קאָנסערווירונג־אינסטינקט, וועלכער האָט אַרויסגעצוווּנגען מאָ־ראַלע פליכטן.

אָט דער מין מאָראַלע פליכטן, וואָס איז באַשטאַנען אין דער מורא פאַר דאָס איבערנאַטירלעכע (גייסטער, געשפּענסטער, שדים, רוחות) איז געווען די באַזע פון דער דערציִונג וואָס מע האָט געגעבן די קינ־דער. אַ פרוי וועלכע האָט געהאַלטן ביים געבוירן אַ קינד האָט שוין געזאָרגט, אַז צו איר צוקונפטיקן קינד זאָל קיין בייזער גייסט קיין צו־טריט נישט האָבן. אויף דעם האָט זי זיך געהיט מיטן עסן, זי מיידט אוים געוויסע שפּייזן, הענגט זיך אָן קמעות מיט פאַרשיידענע פיגורן. ווען דאָס קינד ווערט געבוירן קומט פאַר די צערעמאָניע צו געבן אַ נאָמען. אָט די צערעמאָניע האָט צוויי באַטייטן. איינס: דערמיט ווערט דאָס קינד אַריינגענומען ווי אַ גלייכער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט, צוויי: דורך דעם נאָמען ווערט אויפגעלעבט דער „גייסט” פון דעם וועלכער האָט דעם נאָמען געטראָגן. ביי די אַגריקולטורעלע און יע־גער־פעלקער איז שטאַרק פאַרשפּרייט געווען דער גלויבן אין השארת־הנפש.

דער צווייטער וויכטיקער עטאַפּ אין לעבן פון אַ קינד איז זיין רייף ווערן. ער ווערט אַריינגעפירט אין דער מאַגישער וועלט פון אַלערליי פאַנטאַסטישע גלייבונגען, וואָס די טראַדיציע פון יעדער משפּחה אָדער קלאַן האַלט פאַר הייליק און במילא אויך פאַר גוט און גערעכט. די מאָראַל איז דאָ ענג געבונדן מיט די רעליגיעזע גלייבונגען.

דער ערשטער און פונדאַמענטאַלער גלויבן איז אַז אַלע באַשעפע־

נישן, געוויקסן און מינעראַלן (שטיינער, גאָלד, אייזן) זיינען באַזעצט פון אַ „וויטאַלן כוח". יעדער לויט זיין פאַרנעם און באַטייט. אָט דער וויטאַלער כוח איז באַהאַלטן אין דעם אינעווייניקסטן זיין און עס האָט נישט קיין שייכות מיט זיין דרויסנדיקן אויסזען. דאָס איז די איבער־נאַטירלעכע „סובסטאַנץ" מיט וואָס די גאַנצע וועלט איז פול. אָט דעם דינאַמישן באַגריף פון דער וועלט געפינט מען אין די עלטסטע קול־טורן פון די פּרימיטיווע פעלקער. אַזוי ביי די יעגער־פעלקער ווי ביי די אַגריקולטור־פעלקער. דאָס איבערנאַטירלעכע קומט פון אַ העכערן וועזן וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם מענטשנס מאַגישן כוח. דערפאַר דאַרף דער מענטש נעמען אויף זיך די אַחריות אויפצוהאַלטן די טראַדיציע פון זיינע עלטערן. ווייל דאָס מיינט הייליק האַלטן די משפּחה־געטער אָדער קלאַן־געטער און זיך האַלטן שטרענג ביי די מנהגים וואָס זיינען זיי אָנגעטרויט געוואָרן.

דאָס עובר זיין אויף די טראַדיציאָנעלע פליכטן מיינט אַרויסרופן דעם צאָרן פון שטאַרקערע כוחות ווי די וועלכע ער באַזיצט. כדי אויס־צומיידן אַזאַ געפאַר זיינען אייגנגעשטעלט געוואָרן פאַרשיידענע פאַר־באָטן. דערפון, ווי מיר האָבן פריער געזען, דער באַגריף טאַבו. און כדי נאָך מער צו באַוואָרענען זיך קעגן דעם צאָרן פון די מאַגישע כוחות האָט מען אויפגעהאַנגען קמעות, וואָס האָבן באַדאַרפט באַשיצן די היים, דאָס באַאַרבעטע פעלד, ווי שטוביקע בהמות. דער עיקר איז גע־ווען דער ווילן צו דערווייטערן די בייזע גייסטער.

אָפט מאָל איז דאָס געווען פאַרקערט. מע האָט געוואָלט זיך אָנ־אייגענען די „פרעמדע גייסטער", אויף דעם איז מען אָנגעקומען צו פאַרשיידענע מאַגישע קונצן. צווישן אַנדערע מיטלען איז אויך געווען דאָס אויפעסן דעם שונא, ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין געפענקעניש, ביי וועמען מע האָט געקענט איבערנעמען זיין „וויטאַלן כוח". דער־מיט דערקלערט זיך אויך דער קאַניבאַליזם, וואָס דאָס איז נישט גע־ווען צוליב מאַנגל אין פלייש, נאָר צוליב דעם „פרעמדן כוח" וועלכן מע האָט דורך דעם באַקומען. דעם מענטשנס „כוח" געפינט זיך אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו אים, נישט נאָר זיינע גלידער, נאָר אויך זיינע בגדים האָבן דעם זעלביקן כוח.

דערמיט וואָס דער פּרימיטיווער איז אין גאַנצן געווען „באַהערשט פון אידעען" איז ער גאָר אין אַ גרויסער מאָס נישט געווען פאַראַנט־

וואָרטלעך פאַר זײַנע מעשים. ער איז געװען אַן אינסטרומענט בײַ די מאַגישע כוחות. דערמיט דערקלערט זיך װאָס בעת בײַ אײניקע שבטים זײַנען די מאָראַלע באַגריפן און מאָראַלע געפילן געװען, לויט אונדזערע השגות, הומאַניסטישע, זײַנען בײַ אַנדערע שבטים געװען אַנטי־הומאַניסטישע. פּאָול ראַדין ברענגט עטישע פאָרשריפטן, װאָס ער האָט געפונען בײַ די אינדיאַנער פון װינעבאַגאַ, װעלכע הײבן זיך אָן מיט אָט די געבאָטן:

ס׳איז שטענדיק גוט צו זײַן גוט.
דאַרפסט זײַן אַ הילף פאַר דײַן נאָענטן.
אין װאָס באַשטײט דאָס לעבן אויב נישט אין ליבע?
זאָלסט ניט דערנידעריקן דײַן פרוי, װײַל די װײַבער זײַנען הײליק.
אַ קינד זאָלסטו קײן מאָל קײן שלעכטס נישט טאָן.
װען דו זעסט אַ עלנטן אַלטן, העלף אים, װי װײניק דו האָסט.
כל־זמן דו גײסט דײַן לעבנס־װעג, זאָלסטו קײן מאָל קײנעם נישט ברענגען קײן שאָדן און קײנעם נישט מאַכן טרויעריק. פאַרקערט, אויב דו קענסט עמעצן מאַכן גליקלעך, זאָלסטו עס טאָן. אויב דו װעסט אַ מאָל געפינען אַ פרוי מחוץ דײַן דאָרף און איר זײַט אַלײן און קײנער קען אײַך נישט זען, זאָלסטו איר נישט דערשרעקן און נישט ברענגען קײן שאָדן (19).

אויך מ. כ. הערשקאָװיטש ברענגט זכרונות פון אײנעם אַ אינדיאַנער װאָס לײענען זיך אַזוי:

אויף װי װײַט איך קען זיך דערמאָנען האָבן מײַנע עלטערן מיך געלערנט: דו זאָלסט נישט באַנוצן קײן שלעכט װאָרט, װאָס דיר װאָלט נישט געפעלן, אַז מע זאָל עס באַנוצן פאַר דיר. זאָלסט זיך פון קײנעם נישט פילן װי אַ שונא. װען דו שפּילסט זיך מיט קינדער, זאָלסטו בײַ זײ גאָר נישט צונעמען. — — זאָלסט נישט גנבענען בײַ דײַנע פרײַנט. אויב דו װעסט איצטער זײַן גוט, װעסטו שפּעטער, װען דו װעסט װערן אַ מאַן, ליב האָבן אַלע דײַנע נאָענטע. זאָלסט נישט שפּאָטן פון אַלטע און שװאַכע, מענער אָדער פרויען. דאָס איז דאָס ערגסטע װאָס דו קענסט טאָן (20).

---

(19) Paul Radin, *El Hombre Primitivo como Filósofo,* Eudeba, Editorial Universitaria de Buenos Aires, 1960, pág. 82.

(20) Melville J. Herskovits, *El Hombre y sus Obras,* Fondo de Cultura Económica, México - Buenos Aires, 1952, pág. 349.

דאָס אַלץ דערוויַיזט אַז מע האָט געלערנט צו האָבן אַ גוטן ווילן און אַז אַ גוטער ווילן איז געווען אַ מעלה. פון דער אַנדערער זייט אָבער ברענגט רות בענעדיקט באַווייזן פון די איינוווינערס פון דעם אינדזל דאָבוי, ביי וועמען שלעכטער ווילן און פאַרראַט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ מאָראַלער מעלה. די שכנים האַלטן כסדר אין איין צע־שטערן די פעלדער איינע ביי די אַנדערע. אויף דעם באַנוצן זיי זיך מיט כישוף און מאַגיק (21). אַ גוטער מענטש איז דער וועלכער האָט דערפאָלג, אָדער דער וועלכער האָט באַוויזן אַרויסצושטויסן דעם אַנ־דערן פון זיין אָרט. עס הייסט, ער האָט געקענט באַהערשן דעם „גייסט" וועלכער האָט יענעם פאַרטיידיקט. די עצם עקסיסטענץ איז ביי זיי אַ בלוטיקע קאָנקורענץ וואָס ווערט געפירט דורך אַלע אָפענע און גע־היימע (מאַגישע) מיטלען. אויב דעם שכנס פעלד איז גרעסערער פון דעם אַנדערנס איז אַ באַווייז, אַז ער האָט דורך מאַגיק געגנבעט ביי זיין שכן. אַזוי אַז יעדער גרעסטעניש איז אַ סימן פון גנבה. דעריבער ווערט יעדן איינעמס גרעסטעניש געהאַלטן שטרענג בסוד און ווער עס רעדט דערפון עפנטלעך באַלייידיקט דעם ביי וועמען די גרעסטע־ניש איז אַ גוטע (22).

כאָטש דער פּרימיטיווער האָט געלעבט נאָענט צו דער נאַטור, איז דאָך די נאַטור פאַר אים געווען פאַרשטעלט. געאָרג גורעוויטש האָט וועגן דעם אַ גרינטלעכע שטודיע. ער ווייזט אָן אַז די פּרימיטיווע האָבן נישט געהאַט קיין חוש פאַר דאָס נאַטירלעכע. זיי האָבן נישט געקענט מאַכן קיין חילוק צווישן דאָס נאַטירלעכע און איבערנאַ־טירלעכע. נישט געווען ביי זיי קיין רעליגיעזער גלויבן אין אונדזער היינטיקן זינען, נאָר זיי האָבן געלעבט אין א כסדרדיקער שרעק, וואָס איז אויך אייגן דעם בעל־חי. נישט אַלע שרעקן זיינען אָבער גלייך. פאַראַן אַ שרעק ביים איבערגיין אַ טייך און פאַראַן אַ שרעק פאַר דו־נערן און בליצן. די מורא פאַרן שטראָם וואַסער קען באַהערשט ווערן דורך אייגענע מאַגישע מיטלען, ווייל די מאַגיק באַזירט זיך אויף אי־מאַנענטע (אינעזווייניקסטע) מיסטישע כוחות. די מורא פאַר דונערן און בליצן מוז זיך שטיצן אויף אַ טראַנסצענדענטאַלן כוח. אַזאַ כוח וואָס גע־

(21) Rut Benedict, *El Hombre y la Cultura*, Editorial Sudamericana, Buenos Aires, 1939, pág. 179.

(22) Ibidem . . . , pág. 195.

פינט זיך מחוץ אונדז. אין דעם ליגט פאַקטיש דער חילוק צווישן מאַ־
גיק און רעליגיע, צווישן מאַנאַ און טאָטעם (23).

אַ פונדאַמענטאַלער מאָטיוו איז געווען דאָס רייניקן זיך פון זינד.
דאָס רוב איז דאָס געווען זינד קעגן די איינגעשטעלטע טאַבוס: די פאַר־
באָטן אויף געוויסע שפייז וכדומה. הגם דאָס ווערט באַטראַכט ווי אַ
רעליגיעזע זינד האָט עס דאָך אין תוך אַן עטישן מאָטיוו. אָט די זינד
פלעגט מען אויסקויפן דורך קרבנות, אָפט אַפילו בלוטיקע קרבנות. עס
האָט געמיינט אַז דערמיט שטילט מען איין דעם צאָרן פון די העכערע
כוחות. דער עיקר זינד איז אָבער באַגאַנגען דער וואָס האָט געוואַגט
צו צעשטערן דעם „הייליקן" וועלט־סדר אויף וועלכן עס האָט זיך גע־
האַלטן אַ באַשטימטע געזעלשאַפט (משפחה, קלאַן אָדער שבט).

---

(23) Georges Gurvitch, *Las Formas de la Sociabilidad*, Editorial Losada, S. A., Buenos Aires, 1945, pág. 211.

## 5. דער חילוק צווישן דער מאָראַל ביים פּרימיטיוון און ביים ציוויליזירטן

ווען מיר גייען איבער פון די פּרימיטיווע מאָראַלע באַגריפן צום מאָראַלן באַוווּסטזיין פון אונדזער היינטיקן ציוויליזירטן מענטשן, דאַכט זיך אונדז אַז ערגעץ ווו איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ רינג אין דער קייט וואָס האָט זיי ביידן געהאַלטן געבונדן. אויבנאויפיק דאַכט זיך, אַז דער חילוק באַשטייט אין דעם, וואָס בעת דער פּרימיטיווער האָט געגלייבט אַז דאָס שלעכטס קומט נישט פון מענטשן, נאָר פון איבער־נאַטירלעכע (מאַגישע) כוחות, גלייבט דער היינטיקער ציוויליזירטער מענטש, אַז דאָס שלעכטס קומט בלויז פון דעם מענטשן. דער ייִדיש־איטאַליענישער פאָרשער ראָדאָלפאָ מאָנדאָלפאָ האָט אַפילו וועגן דעם אָנגעגעבן אַ דאַטע ווען אָט דער חילוק האָט זיך אָנגעהויבן. ער האָט עס געפונען אין איינעם אַ שטעל פון האָמערס אָדיסעע, אויף וועלכן אויך כאַרכע פאַסקואַלי האָט אָנגעוויזן. אין אָט דעם שטעל פּראָטעס־טירט צעוס פאַר וואָס די מענטשן וואַרפן אַרויף זייער פאַרברעכערי־שע זינד אויף די געטער. ער זאָגט:

> ווי צו מיר! אין וואָס פאַר אַ מעשים די שטערבלעכע (מענטשן) באַשולדיקן די געטער. זיי זאָגן אַז פון אונדז קומט דאָס שלעכטס. זיי אַליין אָבער רעגן אויף דעם האַדאָ מיט זייערע אומזוערדי־קייטן (24).

מיט אָט דעם מיטאָס מיינט מאָנדאָלפאָ און מיט אים אויך פאַס־קואַלי, האָט דער מענטש גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט

(24) Rodolfo Mondolfo, *La Conciencia Moral de Homero a Demócrito y Epicuro*, Editorial Universitaria de Buenos Aires, 1962, pág. 11.

פאַר זיינע מעשים. נישט די איבערנאַטירלעכע כוחות שאַפן דאָס שלעכטס, נאָר דער מענטש אַליין איז שולדיק אין דעם שלעכטס. ווייל בלויז ער טראָגט די אחריות פאַר זיינע מעשים. דער מענטש איז, בכן, דער שאַפער פון זיין אייגענעם גורל. נישטאָ מער קיין רייד וועגן דעם, אַז דער מענטש איז אַ קרבן פון געהיימע גייסטער וואָס רינגלען אים אַרום, ער איז פריי צו טאָן וואָס ער וויל. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס אַז דער ריינער מאָראַלער באַוווּסטזיין הייבט זיך אָן דעמאָלט ווען דער מענטש באַפרייט זיך פון דעם גלויבן אין איבערנאַטירלעכע כוחות און נעמט אויף זיך די שולד פאַר זיינע זינד.

נישט ווילנדיק פרעגט זיך: מיט וואָס איז דער מיטאָס פון דער **אָדיפּעס** חשובער ווי דער מיטאָס פון דער קדמון-זינד אין ספר **בראשית**? מיט וויפל איז דאָס אין ספר **בראשית** שענער און גרינטלעכער? ווייסן מיר אַז מע קען שוין היינט נישט מבטל זיין די מיטאָסן ווי עפּעס וואָס איז פאַלש און נאַריש. פאַרקערט, די מיטאָסן האָבן אין דער מענטש-לעכער געשיכטע אויסגעפירט פונדאַמענטאַלע פונקציעס, אַזוי צום גוטן ווי צום שלעכטן. אויך דער מיטאָס וועגן דער ערשטער זינד פון דעם מענטשן דאַרף גענומען ווערן ערנסט. ווייל אין דעם ווערן אָפּ-געשפּיגלט די מאָראַלע גרונט-באַגריפן און געפילן פון דעם פרימיטיוון. אויב ביי האָמערן וואַרפט צעוס די שולד אויף די מענטשן, נעמט דער ערשטער מענטש, אין דעם יידישן מיטאָס, די שולד פרייוויליק אויף זיך. גאָט זאָגט צו אָדמען:

**פון אַלעביימער פון גאָרטן מעגסטו עסן; אָבער פון דעם בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס, פון אים זאָלסטו נישט עסן, וואָרעם אין דעם טאָג וואָס דו עסט פון אים, וועסטו זיכער שטאַרבן** (בראשית, ב׳: 15—17).

און אדם עסט פון דעם בוים פון וועלכן מע קען זיך דערוויסן וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט. עס הייסט אַז ער שטעלט די מאָ-ראַלע ווערטן העכער פון דעם עצם לעבן. בעסער צו נעמען אויף זיך דעם טויט איידער צו לעבן אין אַ וועלט פון ווערטן-ניוועלאַציע, וווּ גוטס און שלעכטס זאָל זיין אַלץ איינס.

דערמיט וואָס דער מענטש האָט אויף זיך גענומען די אחריות פאַר זיינע מעשים האָט ער איבערגעריסן מיט דער מאַגישער וועלט. נישט די „בייזע גייסטער" אָדער „העכערער כוח" זיינען שולדיק אין

דעם וואָס ער טוט, אָדער אין דעם וואָס מע טוט אים, נאָר ער גופא איז שולדיק פאַר זיינע האַנדלונגען. פון דעסט וועגן האָט דער מענטש זיך נישט געקענט באַפרייען פון דער געוווינהייט צו זוכן אַ סיבה פאַר דעם וואָס ער טוט. אויב ער איז שולדיק אין עפּעס מוז זיין אַ סיבה פאַר דעם. און די ערשטע סיבה פאַר די זינד איז די תאוות (גלוסטונגען, באַגערן און אימפּולסן). די תאוות זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי די איינציקע וואָס צעטומלען און פאַרטונקלען דעם קלאָרן פאַרשטאַנד. בכן איז די איינציקע מעגלעכקייט צו פירן אַ לעבן אָן זינד זיך צו באַ־פרייען פון די תאוות. די תאוות זיינען אויך די וועלכע צעשטערן דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט.

אויך אָט דעם געדאַנק געפינט מען אין דעם יידישן אידעען־גאַנג, וואָס איז אין זיין תוך געווען אַ עטישער. אין ספר **בראשית** ווערן די תאוות באַצייכנט מיטן וואָרט יצר, וואָס מיינט חוץ זיין געוויינטלעכן טייטש הארץ, אויך תאווה. עס זאָגט זיך דאָרט:

> און גאָט האָט געזען אַז דאָס בייז פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאַנצע טראַכטונג פון די מחשבות פון זיין האַרצן איז רק צום בייזן אַ גאַנצן טאָג (בראשית, ו׳, 5).

ווייטער אַ ביסל זאָגט זיך:

> ווייל די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן (בראשית, ח׳, 21).

עס הייסט, אַז קיין שום דרויסנדיקער כוח איז נישט שולדיק אין דעם שלעכטס וואָס דער מענטש טוט, נאָר ער אליין איז שולדיק אין דעם. ווייל אַזוי זיינען די „טראַכטונגען פון זיין האַרצן", וואָס דאָס מיינט נישט עפּעס אַנדערש ווי תאוות.

ס'איז נאַיִוו צו וועלן זוכן אַ גלייכע ליניע אין דער אַנטוויקלונג פון דעם מאָראַלן באַוווסטזיין ביים מענטשן, ווי אַזוי, כלומרשט, דער מענטש איז איבערגעגאַנגען פון דעם שולד־געפיל צו געוויסנביסן, צו תשובה אָדער ווי אַזוי ער האָט דערגרייכט אַ מין עטישע אויטאָנאָמיע. עס הייסט, ער האָט באַוויזן אונטערצודריקן זיינע אימפּולסן און באַ־גערן און איז אַליין געוואָרן דער שופט פון זיינע מעשים; ער האָט זיי־נע מעשים באַזירט אויף דעם וואָס קאַנט האָט גערופן: קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו.

מיר זיינען איבערגעצייגט, אַז אויך אין דעם זיינען פאַרגעקומען „שפּרונגען" און נישט קיין בהדרגהדיקע עוואָלוציע. געווען אַ צייט ווען מען האָט געגלייבט אַז די פּרימיטיווע מענטאַליטעט איז נישט פעיִק צו דענקען לאָגיש, אַז איר דענקען איז אַ מין פּרעלאָגישער. היינט וואַרפן עס אָפּ אַלע פאַרשערס. אַזוי אויך קען מען נישט זאָגן, אַז דער פּרימיטיווער האָט נישט געהאַט קיין געוויסנביסן, האָט נישט אונטערגעדריקט זיינע באַגערן אָדער נישט געקענט אויספירן קיין פליכטן. דער איינציקער חילוק וואָס לאָזט זיך מאַכן איז: בעת דער פּרימיטיווער איז אין זיין דענקען און טאָן באַהערשט פון איבערנאַטירלעכע כוחות, וועלכע געפינען זיך אין די זאַכן, איז דער ציוויליזירטער אין זיין דענקען און טאָן באַהערשט פון נאַטירלעכע כוחות, וועלכע ווערן אָבער אָנגעפירט פון איבערנאַטירלעכע כוחות, וועלכע געפינען זיך מחוץ די זאַכן.

דער חילוק צווישן זיי באַשטייט אין דעם וואָס פונקט ווי דער בעל־חי קען דער פּרימיטיווער נישט אָפּטיילן די נישט־באַלעבטע זאַכן פון די באַלעבטע. פאַר אים זיינען אַלע זאַכן לעבעדיקע. גענוג צו זען ווי אַזוי אַ הונט בילט ווען עפּעס אַ זאַך, אַ בוך, אַ שטיין, אַ בגד בייט פּלוצעם זיין פּאָזיציע. דער הונט בילט אויף זיי גלייך ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע באַשעפענישן און צו וועלכע ער מוז נעמען אַ שטעלונג. דער חילוק איז דאָ, בכן, נישט אין גראַד (קוואַנטיטעט), נאָר אין דער וועזנטלעכקייט (קוואַליטעט).

אויך דער פּרימיטיווער קען נישט אָפּטיילן צווישן דאָס מאַטעריעלע און אוממאַטעריעלע, צווישן דאָס באַלעבטע און אומבאַלעבטע, ווייל ער גלייבט אַז אַלע זאַכן זיינען באַזעצט מיט גייסטער, פאַר וועלכע ער האָט מורא און ביי וועלכע ער דאַרף אויסקעמפן זיין רעכט אויף לעבן. אויב דער פּרימיטיווער האָט זיך אָפּגעהאַלטן צו טאָן שלעכטס אָדער אַן אומרעכט איז דאָס נישט געווען צוליב הומאַניסטישע מאָטיוון. ער האָט עס געטאָן אוים מורא פאַר די איבערנאַטירלעכע כוחות, וועלכע געפינען זיך אין אַלץ.

פונקט ווי אין דער אַנימאַלער וועלט קען דער פּרימיטיווער בלויז דעם איצטער (הווה), וועלכן ער באַטראַכט ווי אַן אייביקייט. ווייל די גייסטער, שדים אָדער רוחות, וואָס געפינען זיך אין די זאַכן און וואָס זיינען דאָס וועזנטלעכע פון די זאַכן, עלטערן זיך קיין מאָל נישט, זיי

קומען אויף געהיים און גייען איבער אין אַנדערע קערפּערס געהיים. מע קאָן אָבער נישט באַגרייפן אַז זיי זאָלן אויפהערן צו זיין.

קורץ, דער פּרימיטיווער איז אין גאַנצן באַהערשט פון דעם קאָמ־פּלעקס פון דאָס איבערנאַטירלעכע. דאָס שלעכטס שאַפט נישט דער מענטש נאָר דער איבערנאַטירלעכער כוח. דער מענטש טראָגט כמעט נישט קיין אַחריות פאַר זיינע מעשים. ווייל אין אַלץ וואָס ער טוט שטעקט די האַנט פון אַ „גייסט" אָדער „מאַגיקער".

מע קען מיט רעכט פרעגן, ווי ווייט איז דעם פּרימיטיוונס גלויבן אין דאָס איבערנאַטירלעכע פון דעם ציוויליזירטנס גלויבן אין אַ געט־לעכן כוח? דער חילוק איז אַ פונדאַמענטאַלער. דער פּרימיטיווער האָט געגלייבט אַז דאָס איבערנאַטירלעכע געפינט זיך בלויז אין די זאַכן, צו וועלכע אויך ער האָט געהערט. דער ציוויליזירטער רעליגיעזער גלייבט, אַז גאָט האָט באַשאַפן אַלע זאַכן און ער פירט אָן מיט אַלע זאַכן, אָבער ער אַליין, גאָט, געפינט זיך מחוץ די זאַכן. דער מענטש האָט זיך דערמיט געשטעלט אין אַן אַבסאָלוט אַנדער פּאָזיציע. פון איין זייט געפינט זיך אַ גייסטיקער פּרינציפּ (געטלעכקייט, הייליקייט) און פון דער אַנדערער זייט געפינט זיך דער באַפרייטער מענטש, וואָס איז פאַרפליכטעט צו טראָגן די אחריות פאַר זיינע מעשים, נאָך מער, וואָס איז אויך פאַרפליכטעט אָפּצוגעבן דין־וחשבון פאַר זיינע מעשים.

דער חילוק צווישן די מאָראַלע מנהגים פון די פּרימיטיווע און די מאָראַלע מנהגים פון די ציוויליזירטע איז נישט אין גראַד נאָר אין דער וועזנטלעכקייט. דער פּרימיטיווער טראָגט נישט קיין אַחריות פאַר זיי־נע מעשים. ער גלייבט אַז ער איז אַ אינסטרומענט ביי די איבערנאַ־טירלעכע כוחות. דעריבער, שאַפט נישט ער דאָס שלעכטס, נאָר די בייזע כוחות שאַפן דאָס שלעכטס. (ביים היינטיקן רעלאַטיוויסט שאַפן די באַדינגונגען דאָס שלעכטס). דער ציוויליזירטער רעליגיעזער, פאַר־קערט טראָגט די פולע אחריות פאַר זיינע מעשים, און בלויז ער אַליין איז שולדיק אין דעם שלעכטס. עס הייסט, אַז בלויז דער ציוויליזירטער האָט אַ פרייען ווילן.

מע קען דעריבער נישט זאָגן, אַז דער מאָראַלער געזעץ האָט זיין אָפּשטאַם אין דער אַנימאַלער וועלט אָדער ביי דעם פּרימיטיוון מענטשן. ענלעכקייטן זיינען זיכער פאַראַן. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּראָגרעסיווע קאָנטינויִטעט צווישן זיי. פּונקט ווי אויף

אַנדערע געביטן איז אויך דאָ פאַרגעקומען אַ „שפּרונג". אָט דער „שפּרונג", וואָס מיר רופן אַבסאָלוטער מאָראַלער באַוווּסטזיין, איז אויף אַזויפיל אַנדערש פון זיינע פאָרגייערס, אַז ער קען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ נאָכוווּקס, נאָר ווי אַ נייע אָריגינעלע שאַפונג. די איינציקע וואָס בייטן זיך און עוואָלוציאָנירן זיינען די מאָראַלע סיסטעמען און די געזעלשאַפטלעכע מנהגים. אויף זיי קען מען זאָגן אַז זיי האָבן זייער שורש אין דעם אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף וואָס מע געפינט ביי חיות און אינזעקטן ווי אויך ביים פּרימיטיוון מענטשן. ס'איז בכן פאַראַן אַן עוואָלוציע פון מאָראַלע סיסטעמען, ס'איז אָבער נישטאָ קיין עוואָלוציע פון דעם מאָראַלן באַוווּסטזיין.

## 6. די באַדינגונגען ווי דער יסוד פון דער רעלאַטיווער מאָראַל

גאָר אומגעריכט האָט אָט די רעלאַטיווע מאָראַל באַקומען אַ אומ־געבעטענעם שותף, וואָס דינט איר מיט אַ געוואַלדיקן כוח. דאָס איז דער באַגריף **באַדינגונגען**, וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו אַ מיטאָס.

כמעט אַלע סאָציאָלאָגן, פּסיכאָלאָגן, קולטור־היסטאָריקערס און אַפילו סתם מעטאַפיזיקערס האָבן אים אָנגענומען. מען קען מיט זי־כערקייט זאָגן אַז אין דער מענטשלעכער קולטור־געשיכטע איז נישט געווען קיין מער שעדלעכע אידעע ווי דאָס איז די אידעע פון באַדינג־גונגען. קוים האָט מען אויסגעפונען אַז די באַדינגונגען זיינען דער מקור פון שלעכטס, ווערט שוין דאָס שלעכטס באַרעכטיקט און אויך פאַרגעבן. אויב נאָר מע געפינט אויס אַז דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנ־גען געוואָרן ביי געוויסע באַדינגונגען, ווערט מען פריי פון שולד. די באַדינגונגען זיינען די גרעסטע מאַכט פון אונדזער צייט און דער גרעס־טער מיטאָס וואָס אונדזער צייט האָט געשאַפן. דער מיטאָס באַדינג־גונגען איז געווען דער בעסטער און זיכערסטער אינסטרומענט מיט וועלכן היטלער האָט באַרעכטיקט זיינע פאַרברעכנס און דאָס איז אויך דער בעסטער און זיכערסטער אינסטרומענט ביי די וועלכע ווילן בא־רעכטיקן סטאַלינס פאַרברעכנס.

דער באַגריף באַדינגונגען האָט דורכגעפירט אַ שטילע גייסטיקע רעוואָלוציע. ער האָט כמעט אין גאַנצן געביטן דעם בליק אויפן מענטש ווי אַ יחיד און אויך ווי אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. אָט די ראַדיקאַלע ענדערונג איז געקומען פון פאַרשיידענע ריכטונגען. אַלע האָבן זיי זיך געאייניקט אויף דער הנחה, אַז דער מענטש בייט זיך לויט די אומשטענדן אין וועלכע ער געפינט זיך. דאָס האָט געפירט דעם שפּאַנישן דענקער אָרטעגאַ אי גאַסעט צו זאָגן אַז דער מענטש

האָט בכלל נישט קיין נאַטור, נאָר אַז ער האָט בלויז אַ געשיכטע. דאָס איז לערך דאָס אייגענע וואָס מאַרקס האָט פריער געזאָגט אַז „אויב פון איין זייט זיינען די מענטשן אַ פּראָדוקט פון באַדינגונגען, בייטן זיך, פון דער צווייטער זייט, די באַדינגונגען דווקא דורך די מענטשן". אויך דאָ זעען מיר אַז דער מענטש האָט נישט קיין נאַטור, נאָר אַז ער איז „אַ פּראָדוקטן פון באַדינגונגען", וועלכע ער אַליין שאַפט דורך די פּראָדוקציע-מיטלען.

דער סאָציאָלאָג עמיל דורקהיים האָט געשריבן אַז „יעדער פאָלק האָט זיך זיין מאָראַל וואָס ווערט באַשטימט פון **באַדינגונגען** אין וועל־כער ער לעבט. מע קען בכן אויף אים נישט אַרויפצווינגען קיין אַנדער מאָראַל, ווי גוט זי זאָל נישט זיין". עס הייסט, אַז אין דער געשיכטע איז נישטאָ פאַראַן קיין שטאַרקערער כוח ווי באַדינגונגען.

אין דער זעלביקער צייט, לערך, זיינען גאָר פון אַן אַנדער קרייז אויפגעקומען ערנסטע דענקערס וואָס זיינען דורך אַנדערע אַרגומענטן געקומען צו די זעלביקע אויספירן. די שיטה וואָס זיי האָבן געגרינדעט רופט זיך **היסטאָריציזם** און אירע פאָרשטייערס זיינען ווילהעלם דיל־טיי (1833—1911), ערנסט טרעלטש, קאַרל מאַנהיים און אַנדערע. זיי נעמען אָן, אַז שפּראַך, רעכט, מאָראַל, געוווינהייטן זיינען „קאָלעקטי־ווע שאַפונגען", וואָס קיינער קען נישט ענדערן. זייער ווערט קען בלויז געשיכטלעך פאַרשטאַנען ווערן, ווייל דער אמתער און אויטענטי־שער שאַפער פון אַלץ איז בלויז די געשיכטע (היסטאָריע, דערפון דער נאָמען היסטאָריציזם). „געשיכטלעך" מיינט דאָ די אינדיווידואַליזי־רונג פון די אייגנאַרטיקע פּרטים וואָס די „געהיימע" קאָלעקטיווע שאַפונג ברענגט אַרויס. אין שפּראַך זיינען עס די נייע ווערטער און נייע אויסדרוקן וואָס ווערן געשאַפן, אין רעכט און מאָראַל זיינען עס די נייע געזעצן און מנהגים וואָס קומען אויף.

בקיצור די מענטשלעכע קולטור, ווי דער עצם מענטשנס נאַטור איז אונטערגעוואָרפן אַזאַ געשיכטלעכן פּראָצעס וואָס באַוועגט זיך נישט דורך „אייביקע אמתן", נאָר דורך רעלאַטיווע באַדינגונגען.

אָרטעגאַ אי גאַסעט האָט דעם באַגריף **באַדינגונגען** גענומען פאַרן יסוד פון זיין פילאָסאָפישער באַטראַכטונג. אין זיין ערשטן גרויסן ווערק **דאָן קיכאָטס מעדיטאַציעס** (1914), דריקט ער אויס זיין איבער־צייגונג אַז איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פון אונדזער יאָר־

**הונדערט איז דאָס וואָס ער האָט געביטן אונדזער סענסיביליטעט לגבי די באַדינגונגען.** מע וועט שוין מער נישט קענען אָננעמען אַז דער מענטש איז איין זאַך און זיינע באַדינגונגען אָדער סביבה איז אַן אַנדער זאַך. ער שרייבט: „דעם מענטשנס גורל איז צו פאַרדייען זיינע באַדינגונגען", דעריבער „בין איך, איך און מיינע באַדינגונגען און אויב איך ראַטעווע נישט די באַדינגונגען ראַטעווע איך זיך אויך נישט" (25).

אַלץ וואָס מיר קענען וויסן פון די באַדינגונגען איז, אַז זיי האָבן **פּערספּעקטיוו.** יעדער געזעלשאַפטלעכער סדר האָט זיין אייגענע **וויטאַלע פּערספּעקטיוו.** נישט דערפאַר ווייל איין סדר איז אַנדערש פון דעם אַנדערן דאַרף איינער פון זיי זיין פאַלש, נאָר זיי זיינען אַלע אמת און אַלע פאַלש. עס ווענדט זיך נאָר אויף ווי ווייט זיי האָבן באַוויזן צו פאַרדייען די באַדינגונגען, וועלכע זיי האָבן געהאַט פאַר זיך. אָרטעגאַ אי גאַסעט האָט דערמיט געמאַכט דעם לאָגישסטן אויספיר. אויב עס זיינען נישט פאַראַן קיין זיכערע פּרינציפּן ביי וועלכע מע קען זיך האַלטן, מוזן אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונגען, אפילו אויך די פאַרברעכערישע, זיין נישט אמת און נישט פאַלש, נישט גערעכט און נישט אומגערעכט.

ס'איז גאָר נישט קיין גוזמא ווען מיר וועלן זאָגן אַז חוץ די טעאָלאָגן זיינען אַלע היינטיקע פילאָסאָפישע שיטות מסכים אַז דער מענטש האָט נישט קיין אייביקע פּרינציפּן אויף וועלכע זיך אָנצושפּאַרן. דעריבער דאַרף ער באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָדוקט פון באַדינגונגען וואָס עס שאַפן די געשיכטלעכע פּראָצעסן. בערגסאָן האָט אָט דעם פּראָצעס גערופן **דויער,** די עקסיסטענציאַליסטן רופן עס זיין. עס הייסט, אַז די עצם עקסיסטענץ איז וויכטיקער ווי דער תוך אירער.

וואָס מיינט אַזוינס עקסיסטענץ? פרעגט דער עקסיסטענציאַליסט. עקסיסטירן מיינט, עטימאָלאָגיש, זיין מחוץ זיך, זיך געפינען ווי אַן עקס וואָס באַוועגט זיך צו עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס ער איז. דעריבער עקסיסטירט בלויז דער מענטש, ווייל בלויז דער מענטש קען זיך שטעלן מחוץ זיך און זאָרגן פאַר זיך. דער שטיין איז בלויז פאַראַן, ער געפינט זיך תמיד אויף איין אָרט און דאַרף נישט זאָרגן פאַר זיך. דעם שטיין פעלט גאָר נישט, ער האָט אַלץ, ער איז מיט זיך גאַנץ און פער-

---

(25) José Ortega y Gasset, *Meditaciones del Quijote,* Espasa-Calpe, S. A. Buenos Aires, 1942, pág. 30.

פעקט. דעריבער קען מען נישט זאָגן אַז דער שטיין עקסיסטירט, ד"ה אַז ער געפינט זיך אין טראַנס פון ווערן. אַ ביסל אַנדערש איז מיט דער פלאַנץ. אויף איר קען מען נישט זאָגן, אַז זי האָט אַלץ מיט זיך און אַז זי איז פּערפעקט. פאַרקערט, כדי צו קענען זיין דאָס וואָס זי איז מוז זי אָנקומען צו דרויסנדיקע עלעמענטן, ווי לופט, פייכטקייט אָדער זון. וואָס אַ בעסערער סטימול אַלץ פּערפעקטער איז די פלאַנץ.

אַנדערש ווידער איז מיטן בעל-חי. כאָטש אויך ער איז אָפּהענגיק פון דרויסנדיקע סטימולן, ווי שפּייז. זיינען דאָך זיינע אָפּרופן נישט אין גאַנצן קיין מעכאַנישע. מיט דעם בעל-חי קומט אויף דער פאַקטאָר אינסטינקט און אימפּולס, וואָס איז ביי אים אָפט שטאַרקער פון יע־דער דרויסנדיקן כוח. חוץ דעם האָט דער בעל-חי אַן אַסאָציאַציע־זכרון. ער פאַרבינדט דערפאַרונגען און איז מסוגל צו לערנען פון זיי. דערפון קומט אויף דאָס וואָס מען רופט די „פּראַקטישע אינטעלי־גענץ", וואָס גיט דעם בעל-חי די מעגלעכקייט אויסצוקלייבן צווישן איין מין שפּייז און אַן אַנדער מין. אַזוי אויך אויסצוקלייבן פריינד און זיין פעיִק אויף שפּיל, ווי בייסן און דאָך נישט איינבייסן. דאָס מיינט אַז דער בעל-חי פאַרמאָגט אַזאַ „נערוון-צענטער" וועלכן ער ווארפט זיך אונטער.

פון דעסט וועגן קען מען נישט זאָגן אַז דער בעל-חי עקסיסטירט. ווייל אויף צו קענען עקסיסטירן וואָלט ער געדאַרפט קענען אָפּזאָגן זיך פון זיינע אימפּולסן און דערפאַרונגען און פעיִק זיין זיך אַריבער־צוטראָגן אין דער צוקונפט, קענען זיין טראַנסצענדענט. דער מענטש איז די איינציקע באַשעפעניש וואָס קען זיך פילן פריי אין דער וועלט פון נויטווענדיקייטן. דער מענטש האָט די פעיִקייט זיך אָפּצוזאָגן פון זיינע אימפּולסן און דערפאַרונגען און זיך אַריבערטראָגן (פּראָיעק־טירן) אין דער צוקונפט. דער מענטש איז די איינציקע באַשעפעניש וואָס איז פעיִק זיך אַליין צו באַטראַכטן ווי אַ וועזן מיט וועמען ער קען דיאַלאָגירן; דער מענטש איז, ווי העגעל האָט געלערנט, „ער און זיין היפּוך", אָט די צוויי פּרינציפּן פירן צווישן זיך אַן אומענדלעכן וויכוח.

מ. היידעגער האָט אויף דעם דיאַלאָג צווישן דעם „ער און זיין היפּוך" אויפגעשטעלט זיין קאָמפּליצירטע טעאָריע וועגן אַ „דאָ-זיין". דער „דאָ-זיין" איז דער מענטש (דער יש אָדער סוביעקט), וואָס גע־

פינט זיך ערגעץ ווי אַ ריינע פאָרעם, און דער אַנדערער (דער היפּוך, דער אָביעקט) איז די עקסיסטענץ, דער זיין פון אַט דעם יש. דעריבער דעפינירט היידעגער:

> אַט דער יש (דאָ־זיין) האָט נישט קיין אייגנשאַפטן, ער געפינט זיך נישט „פאַר די אויגן", נאָר ער באַשטייט פון אַ מעגלעכן אופן זיין. אַזוי אַז דער טערמין דאָ־זיין, מיט וועלכן מיר באַצייכענען אַט דעם יש, דריקט נישט אויס „דאָס וואָס ער איז", ווי ער וואָלט, למשל, געווען אַ טיש, אַ שטוב, אַ בוים, נאָר דעם (ריינעם, ליידיקן) זיין.
>
> דער זיין וואָס פּאַסט זיך צו צו דעם יש פון אַט דעם זיין איז אין יעדן פאַל, מיינער. דער דאָ־זיין קען קיין מאָל נישט באַטראַכט ווערן אָנטאָלאָגיש, ד"ה ווי אַ זאַך און ווי אַ באַווייז פון ישן וואָס מיר האָבן „פאַר די אויגן" (26).

דער דאָ־זיין, אָדער ווי אַנדערע רופן עס ריינע אָדער ליידיקע עקסיסטענץ, קען נישט דעפינירט ווערן, ווייל ער איז קיין מאָל נישט דאָס וואָס ער איז, נאָר ער איז כסדר אין צושטאַנד צו ווערן אַנדערש. מע קען אויף עמעצן זאָגן אַז ער איז בלויז דעמאָלט ווען ער איז טויט. ווייל קוים לעבט ער האָט ער שטענדיק די מעגלעכקייט צו זיין עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס ער איז. מיטן טויט אָבער פאַרענדיקט זיך פאַר אים אַלע מעגלעכקייטן און ער ווערט אַ דעפיניטיווער איז, אַ דעפי־ניטיווער זיין.

די קאָנקרעטע מענטשלעכע עקסיסטענץ קען דעריבער דעפינירט ווערן ווי עפּעס אַזוינס וואָס איז ריינע מעגלעכקייט. ד"ה עפּעס אַזוינס ווי אַ ווייסער טאָוול אויף וועלכן די צוקונפט וועט אָנשרייבן נישט זיין זיין, נאָר זיינע מעגלעכקייטן. ווייל ווען מע זאָל זאָגן אַז די מענטשלעכע עקסיסטענץ, דער ווייסער טאָוול, רעאַליזירט זיין זיין, וואָלט עס גע־מיינט אַז ערגעץ ווו איז פאַראַן אַזאַ וועזנטלעכקייט (אידעע, ציל) וועלכע וואַרט אַז מע זאָל זי רעאַליזירן. אַזאַ וואַרטנדיקער זיין אָדער וואַרטנדיקע וועזנטלעכקייט געפינט זיך נישט פאַר די עקסיסטענציאַ־ליסטן. נישט פאַראַן אַזאַ מעגלעכקייט וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר אַלעמען, נאָר יעדער איינער ווי אַ יחיד האָט זיין יחידישע מעגלעכ־קייט, דערפון די רעלאַטיוויטעט. דערמיט ווערט באַרעכטיקט דער

(26) Martín Heidegger, *El Ser y el Tiempo*, Fondo de Cultura Económica, México - Buenos Aires, 1951, pág. 50.

ערשטער טעזיס פון די עקסיסטענציאַליסטן אַז די קאָנקרעטע עקסיס־טענץ איז איבער יעדער וועזנטלעכקייט.

אוודאי לעבט יעדער איינער זיין אייגענע ריין סוביעקטיווע עק־סיסטענץ. ווען עס קומט אָבער צו שאַפן ווערטן אָדער אויסצוניצן די לעבנס־מעגלעכקייטן, מוז דער מענטש האָבן די אילוזיע אַז עס זיינען פאַראַן „אָביעקטיווע און אַבסאָלוטע ווערטן". אָן דעם קען דער מענטש קיין מאָל זיינע מעגלעכקייטן נישט רעאַליזירן.

די ריין פאָרמעלעליידיקע עקסיסטענץ, אָן אַ וועלכער ס'איז וועזנטלעכקייט, איז אַ נאָנסענס, וואָס איז בנימצא בלויז אין אַ באַ־וווּסטלאָזן צושטאַנד. עס הייסט בעתן שלאָף אָדער בעת חלשות. קוים אָבער האָבן מיר דעם באַוווּסטזיין פון דעם וואָס מיר טוען, זיינען מיר שוין באַהערשט פון אַ וועזנטלעכקייט (אידעע, ציל). אַפילו ווען עמעצער זאָל מאַכן פאַר אַ קולט די עצם עקסיסטענץ, ווען איינער זאָגט, למשל, איך שלאָג מיט אַלע פּראָבלעמען כפּרות און וועל לעבן בלויז מיין אייגן לעבן, מאַכט ער אויך דעמאָלט פון זיין עקסיסטענץ אַ וועזנטלעכקייט (אַ אידעע). ערשט דעמאָלט מוז ער דווקא „אָביעקטיוו" גוט פּלאַנירן ווי אַזוי בעסער צו קענען גניסן פון זיין עקסיסטענץ. ערשט דעמאָלט וועט ער יעדער מאָמענט מוזן זאָרגן פאַר דעם „אָביעקטיוון" ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט אין לעבן.

די עקסיסטענציאַליסטן קענען נישט דערווייַזן, אַז זייער באַהויפּ־טונג, אַז דאָס עצם לעבן (עקסיסטענץ) איז וויכטיקער ווי דער תוך זיי־נער, איז אַ ריכטיקע. דאָס וואָס זיי רופן עקסיסטענץ איז אויך נישט מער ווי די הערשאַפט פון באַדינגונגען. זייער קאַמף פאַר דאָס קאָנק־רעטע איז אַ קאַמף זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען.

## 7. די סאָציאַלע גערעכטיקייט ווי דער יסוד פון דער רעלאַטיווער מאָראַל

אַ באַווייז אַז ס׳איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטער מאָראַלער באַוווּסטזיין געפינט מען אין דעם פאַקט וואָס דער אַלגעמיינער פּראָגרעס פון סאָציאַלער גערעכטיקייט האָט אויף קיין איין האָר נישט גערירט די מאָראַלע גערעכטיקייט. די עקאָנאָמיש־סאָציאַלע באַדינגונגען בייטן זיך כסדר צום בעסערן, דער מאָראַלער באַוווּסטזיין אָבער בלייבט שטענדיק דער זעלביקער. אויך דער נאַציזם און פאַשיזם האָבן איינגעפירט געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען, דאָס האָט אָבער גאָר נישט געשטערט אַז זיי זאָלן בלייבן אוממאָראַליש. דאָס אייגענע איז אויך מיט יעדער אַנדער טאָטאַליטאַרן סיסטעם. מעגן זיי אַפילו איינפירן וויכטיקע סאָציאַלע רעפאָרמען וועלן זיי מוזן בלייבן אוממאָראַליש. ווייל דער שטאַט אָדער פּאַרטיי, ווען זיי דערהייבן צו אַ מאָנסטעריעזן מיטאָס, מוז האַלטן פאַרשקלאַפּט דעם יחיד, במילא מוז ער ביי זיי צונעמען די פרייהייט און די חשיבות.

ביז נישט לאַנג צוריק האָט מען געגלייבט, אַז דער פּראָגרעס פון סאָציאַלער גערעכטיקייט וועט מיט דער צייט אין גאַנצן פאַרבייטן די מאָראַלע גערעכטיקייט. אַזוי, למשל, האָט דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם פּרעטענדירט צו פאַרבייטן דעם עטישן און אוטאָפּישן סאָציאַליזם. דער עיקר אויפטו פון דעם מאַרקסיזם איז טאַקע באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט געפאָדערט רעכט (סאָציאַלע געזעצן) און נישט יושר (מאָראַלע אחריות). דער מאַרקסיזם האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז ניטאָ פאַראַן קיין אַלגעמיינע מאָראַלע געזעצן, נאָר ס׳איז פאַראַן אַ קלאַסן־מאָראַל. יעדער קלאַס האָט זיך זיין מאָראַל וואָס וואַקסט אַרויס פון

דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן צושטאַנד אין וועלכן יעדער איינער גע־פינט זיך (27). אנטקעגן דער פעאָדאַלער און בורזשואַזער מאָראַל גע־פינט זיך די פראָלעטאַרישע מאָראַל, וואָס דאַרף זי ירשענען. אַוודאי איז אַזאַ איינטיילונג נישט קיין אויסגעטראַכטע. דער פעאָדאַל אָדער בורזשוי האָט טאַקע געהאַט געוויסע מאָראַלע באַגריפן וואָס זיינען גע־ווען אַנדערש פון די מאָראַלע באַגריפן פון אַ לוין־אַרבעטער. אָבער דערמיט זיינען נישט אָפּגעשאַפט די פונדאַמענטאַלע מאָראַלע געזעצן וואָס האָבן געמוזט זיין הייליק ביי אַלע סאָציאַלע קלאַסן און שיכטן. איין זאַך איז קעמפן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, ווי אויך פאַר פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע און אַ צווייטע זאַך איז נישט עובר זיין אויף די אַלגעמיינע מאָראַלע געבאָטן.

פ. ענגעלס האָט קעגן אַזוינע אַלגעמיינע מאָראַלע געזעצן אַריינ־געבראַכט שלאַגנדיקע אַרגומענטן. ער האָט געשריבן אַז אין אַ געזעל־שאַפט ווו עס וועט נישט זיין קיין פּריוואַט־אייגנטום וועט שוין במילא פון זיך אַליין אַראָפּפאַלן דער געבאָט „זאָלסט נישט גנבענען" (28). ווייל עס וועט דאַך נישט זיין ביי וועמען צו גנבענען און קיינער וועט גאָר נישט קענען טאָן מיט דאָס געגנבעטע. אויסגעלאָזן האָט זיך אַז בלויז אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו מע האָט פאַרמעל אָפּגעשאַפט פּריוואַט־אייגנטום, באַשטראָפט מען מיט טויט פאַר גנבה. אויב מע קען נישט גנבענען ביי פּריוואַטע גנבעט מען ביי דער מלוכה. אַזוי אַז מיטן אָפּ־שאַפן פּריוואַט־אייגנטום ווערט נישט אָפּגעשאַפט דער געבאָט „זאָלסט נישט גנבענען". ווידער, מיינט „גנבענען" אויך דעמאָלט ווען מע נעמט געצאָלט פאַר אַן אַרבעט וואָס מע טוט נישט. אַלץ איינס צי דער אַר־בעט־געבער איז אַ קאַפּיטאַליסט אָדער אַ מלוכה־אינסטיטוציע, אָדער גאָר אַ קאָלעקטיוו. דאָס געבאָט „זאָלסט נישט גנבענען" קען אָבער בכלל נישט גענומען ווערן פאַר אַ ביישפּיל, ווייל דאָס איז נישט קיין איינגעבוירענער פליכט, נאָר אַ צוגעקומענער, בכן האָט ער אַ רעלאַטיוון ווערט. אַנדערש איז אָבער, למשל, מיט די געבאָטן ווי „זאָלסט נישט הרגענען" אָדער „זאָלסט נישט פעלשן". דאָס זיינען איינגעבוירענע פליכטן, בכן האָבן זיי אַ אייביקן און אַבסאָלוטן ווערט.

---

(27) Federico Engels, *Contra Duhring*, Librería Bergua, Madrid, 1935, pág. 190.

(28) Ibidem . . . , pág. 190.

מאַרקס און ענגעלס האָבן אין זייער „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״ דורכגעפירט אַ מער באַגרינדעטע קריטיק אויף דער מאָראַל. זיי זיינען אַרויס פון דער הנחה, אַז „די הערשנדיקע אידעען פון אַ צייט זיינען אַלע מאָל געווען נאָר די אידעען פון דעם הערשנדיקן קלאַס״. בכן זיינען אַלע באַגריפן וועגן רעליגיע, מאָראַל, רעכט, נישט מער ווי די באַגריפן פון דעם הערשנדיקן קלאַס. אָבער אין דער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, ווען עס וועט מער נישט זיין קיין הערשנדיקער קלאַס וועט אין גאַנצן פאַרשווינדן רעליגיע, מאָראַל, רעכט, פילאָסאָפיע און פּאָליטיק.

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, וואָס איז געווען אַ גרינטלעכער קענער פון מאַרקסן און פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, ווייזט אָן אַז מאַרקס האָט שפּעטער געביטן זיין מיינונג און אַז ער האָט אָנערקענט דעם מאָראַלן פאַקטאָר אין דער געזעלשאַפט. אַזוי, האָט מאַרקס אין קאַפּיטאַל אָפּט אויסגעדריקט זיין צאָרן קעגן דעם וואָס די עפנטלעכע מיינונג פון אייראָפּע האָט פאַרלאָרן דעם לעצטן רעשט פון בושה און געוויסן, און קעגן דעם וואָס דער דעמאָלטיקער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים האָט דעם לוין-אַרבעטער פאַרמשפּט צו „עלנט, אַרבעטס-פּיין, שקלאַפעריי, עם-הארצות, ברוטאַליטעט, און מאָראַלער דעגראַדאַציע״ (29).

מיר גראָד זעען נישט קיין שינוי אין מאַרקס׳ שטעלונג, ווייל בעת ער רעדט וועגן דעם אַז די מאָראַל וועט אָפּגעשאַפט ווערן מיינט ער דאָך אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט, אָבער בעת ער קריטיקירט דעם קאַפּיטאַליזם איז דאָך נאָך פאַראַן די קלאַסן-צעטיילונג. בכן איז די מאָראַל נאָך נישט אָפּגעשאַפט.

ס׳איז קיין ספק נישט אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן געהאַלטן אַז די מאָראַל איז אַ צוגעקומענע און בייט זיך מיטן בייטן זיך פון די באַדינגונגען. מאַרקס האָט עס באַגרינדעט אויף אַזאַ אופן: „מיט דעם בייטן זיך פונעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט בייט זיך, מער אָדער ווייניקער גיך, דער גאַנצער ריזיקער אייבער-געבוי וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף אים. קיין איין געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציע פאַרשווינדט נישט פריער, איידער עס אַנטוויקלען זיך אַלע פּראָדוציר-כוחות, פאַר וועלכע זי

(29) ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, סאָציאַליזם און מאָראַל, אַרויסגעגעבן פון „ד״ר ח. זשיטלאָווסקי פאַרלאַג-קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1938, זז׳ 110.

שטעלט צו גענוג מעגלעכקייט, און נייע העכערע פּראָדוציר־באַציִונגען פאַרנעמען קיין מאָל נישט דאָס אָרט פון די אַלטע, איידער עס אַרבעטן זיך אויס אין די טיפעניש פון דער אַלטער געזעלשאַפט מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר זייער עקסיסטענץ".

אמת, מאַרקס האָט נישט געמיינט, אַז אָט דער **איבער־געבוי** (רע־ליגיע, מאָראַל, רעכט, קונסט וכדומה) בייט זיך אויטאָמאַטיש. ער האָט אומעטום אונטערגעשטראָכן אַז דאָס אַלץ ווערט דערגרייכט דורך דעם מענטשנס טעטיקייט. עס הייסט, אַז קוים זיינען די באַדינגונגען פאַר דעם רייף, בייט דער מענטש זיין איבער־געבוי. אַ סך קלאָרער האָט דאָס אייגענע געזאָגט ענגעלס. ביים סוף פון זיין בראָשור, **די אַנטוויק־לונג פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם**, שרייבט ער: „ווען די מעכטיקע פּראָדוקציע־מיטלען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער קאַפּיטאַ־ליסטישער עפּאָכע, וועלן איבערגיין אין געזעלשאַפטלעכן אייגנטום און ווען די פּראָדוקציע וועט זיין בהסכם מיט די געזעלשאַפטלעכע באַדער־פעניש, וועלן די מענטשן, ענדלעך, ווערן די באַלעבאַטים פון זייערע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען און דערמיט אַליין, די באַלעבאַטים פון דער נאַטור און פון זיך אַליין. — — — דאָס וועט זיין מצד דער מענטש־הייט אַ שפּרונג פון דער ממשלה פון נויטווענדיקייט אין דער ממשלה פון פרייהייט".

מע דאַרף אַנערקענען, אַז דער געדאַנק וועגן „שפּרונג" אין דער געשיכטע איז דעמאָלט געווען אַ נייעס און איז אויך היינט פאַר אַ סך אַ נייעס. אָבער אָט די שפּרונגען האָבן נישט געביטן דעם מאַרקסיס־טישן קוק אויף דער מאָראַל. פאַרקערט, דאָס האָט געדאַרפט באַשטע־טיקן אַז אויך אין דער מאָראַל קומען פאָר „שפּרונגען". מעגלעך אַזוינע „שפּרונגען" פון וועלכע די מאָראַל וועט אין גאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן, ווייל מע וועט זיך מער נישט נייטיקן אין איר. אויב אין דער ממשלה פון נויטווענדיקייט האָט מען זיך געניטיקט אין מאָראַלע פליכטן וועט מען אָבער שוין אין דער ממשלה פון פרייהייט אין גאַנצן פריי זיין דערפון; עס הייסט אַז די מאָראַל וועט ווערן איבעריק.

דאָס איז געווען בהסכם מיטן דעמאָלטיקן „צייט־גייסט", וואָס האָט קיינעם נישט אויסגעמיטן. אויך מאַרקס און ענגעלס זיינען אין דעם נישט געווען קיין אויסנאַמען.

אַ מער גרינטלעכן אַרגומענט קעגן דער מאָראַל ברענגט מאַרקס אַרויס אין זיין אַטאַקע אויף דער קריסטלעכער מענטשן־ליבע, וואָס האָט געדאַרפט זיין מאָראַליש און האָט, צום באַדויערן, נישט געקענט מנצח זיין דעם האַס און אויך נישט געקענט ברענגען קיין סאָציאַלע רעפאָר־מען. „די קריסטלעכע ליבע, האָט מאַרקס געשריבן, פאַרלירט זיך אין סענטימענטאַלע פראַזן, וואָס דורך זיי קען מען נישט אָפּשאַפן קיין ווירק־לעכע פאַקטישע צושטאַנדן. זי (די ליבע) שוואַכט אָפּ דעם מענטשן מיט איר וואַרעמען געפיל־געקעכץ מיט וועלכן זי שפּייזט אים. **אָבער די נויט גיט דעם מענטשן קראַפט.** ווער עס מוז זיך אַליין העלפן, דער העלפט זיך טאַקע" (30).

די קריסטלעכע ליבע קען נישט גענומען ווערן ווי אַ ביישפּיל פון מאָראַליטעט, אָדער ווי אַ ביישפּיל אַז ליבע איז שלעכט, ווייל אין איר תוך געהערט זי צו דער ספערע פון רעליגיע. פון איין זייט האָט געקענט זיין אַ פראַנציסקאָ דע אַסיס אָדער דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער פויפּסט יאָהאַנוס xxIII, און פון דער אַנדערער זייט איז מעגלעך גע־ווען די אינקוויזיציע. עס הייסט, אַז אויך דער רעליגיעזער געפיל איז אונטערגעוואָרפן דעם מאָראַלן געזעץ.

פונקט ווי דער רעליגיעזער געפיל שאַפט נישט אָפּ די מאָראַלע אחריות, אַזוי שאַפן נישט אָפּ די סאָציאַלע רעפאָרמען, ווי גוט זיי זאָלן נישט זיין, די מאָראַלע אחריות. די סאָציאַלע גערעכטיקייט, וואָס זאָרגט פאַרן וווילזיין פון דעם פראָדוצירער, דריקט אויס אַ ריין ביאָלאָגיש־געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט. זי שאַפט אָבער דערמיט נישט אָפּ דעם ריין הומאַניסטישן מאָראַלן באַוווסטזיין.

(30) דאָרט, ז׳ 102.

## 8. די וויסנשאַפט קען נישט באַגרינדן דעם מאָראַלן געזעץ

דעם איינציקן באַרעכטיקטן אַרגומענט, וואָס די טעאָרעטיקערס פון דער רעלאַטיווער ביאָלאָגישער מאָראַל קענען אַרויסשטעלן איז, אַז דער וויסנשאַפטלעכער אמת איז מיט זיי. אוודאי, קענען זיי זאָגן, וואָלטן אויך מיר געוואָלט אַז עס זאָלן זיין „אייביקע און אַבסאָלוטע" עטישע פּרינציפּן, אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן אַז די וויסנשאַפט דערווייזט פּונקט דער היפּוך דערפון? אַז דער אָביעקטיווער לאָגישער אַנאַליז איז קעגן דעם?

דעם מענטשנס באַרוף באַשטייט אָבער אינעם ניט רעזיגנירן פאַר דער וויסנשאַפט און פאַר די דערוויזענע נאַטור־געזעצן. פ. דאָסטאָיעווסקי, וואָס האָט אַזוי גרינטלעך געקענט דעם מענטשנס נשמה, האָט אַט די „נישט רעזיגנירונג" אַרויסגעבראַכט אין זיין דערציילונג **זכרונות פון אַ פּאַראַדאָקסיסט** אָדער פון אונטערגרונט. דער העלד פון אַט דער דערציילונג זאָגט דאָרטן:

> די מענטשן רעזיגנירן תיכף אַנטקעגן דאָס אוממעגלעכע. דאָס אוממעגלעכע מיינט אַ שטיינערנע וואַנט. וואָס פאַר אַ שטיינערנע וואַנט? פאַרשטייט זיך, די וואָס איז געבויט דורך נאַטור־געזעצן, דורך נאַטור־וויסנשאַפטן אָדער מאַטעמאַטיק. וויבאַלד מע האָט אייך דערוויזן אַז איר שטאַמט אָפּ פון מאַלפּעס איז איבעריק יעדער ווידערשטאַנד: נעמט עס אָן ווייל ס'איז מאַטעמאַטיש. — — — ס'איז אוממעגלעך צו דיסקוטירן: צוויי מאָל צוויי איז פיר. די נאַטור בעט ביי אייך גאָר נישט: זי לאַכט פון אייערע באַגערן און עס אינטערעסירט איר ניט צו וויסן צי אירע געזעצן געפעלן אייך יאָ אָדער ניט. איר זענט געצוווּנגען זיי אָנצונעמען אַזוי ווי זיי זיינען. אַ וואַנט איז

אַ וואַנט. — — — גאָט מיינער! וואָס קער איך מיך אָן מיט די נאַ־
טור־געזעצן און מיט אַריטמעטיק, אַז זיי געפעלן מיר ניט? (31).

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן אַז אויך אין דער וויסנשאַפט זיי־
נען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אויף צו געפינען אַ יסוד פאַר די מאָראַלע
ווערטן. אויף דעם ערשטן פּלאַץ זיינען עס די ביאָלאָגן. אַזוי, שרייבט
געאָרג סימפּסאָן אַז בלויז די אַלטע טעאָריע פון עוואָלוציע איז געווען,
און איז נאָך היינט, אין תוך, גלייכגילטיק צו מאָראַלע פּראָבלעמען. ווייל
אַזאַ עוואָלוציע איז פאַרשטאַנען געוואָרן אין קאָסמישן זינען. היות אין
קאָסמאָס איז נישט פאַראַן קיין איין פּונקט וואָס געפינט זיך אין רו,
נאָר אַלץ האַלט זיך אין בייטן און טראַנספאָרמירן פון איין צושטאַנד
אין אַן אַנדערן, קומט אויך מיטן מענטשן פאַר דאָס אייגענע. אויך ער
האַלט זיך כסדר אין בייטן.

די נייע טעאָריע פון עוואָלוציע האָט אָבער דעם מענטשן אַרויס־
גענומען פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ וואָס הערשט אין דעם קאָסמאָס.
ווייל דער מענטש ירשנט נישט בלויז די ביאָלאָגישע אייגנשאַפטן נאָר
ער ירשנט אויך דאָס וויסן פון די פריִערדיקע דורות, וועגן דעם וואָס
איז אמת און פאַלש, גוט און שלעכט. דאָס גיט אים די געלעגנהייט צו
פאַרגרעסערן כסדר זיין קולטור אָדער וויסן, און דאָס וויסן מוז סוף כל
סוף פירן דעם מענטשן צו ווערן בעסער (32).

אַן אַנדער ביאָלאָג, עדמונד וו. סינאָט, גייט נאָך ווייטער. מע קען
אַפילו זאָגן אַז ער גייט שוין צו ווייט מיט זיינע מעטאַפיזישע ספּעקולאַ־
ציעס, אָבער דאָס וואָס ער זאָגט וועגן מאָראַל האָט אַ סאָלידן יסוד.
סינאָט נעמט אָן אַז גוט איז יעדע האַנדלונג וואָס טראָגט ביי צו דער־
גרייכן אַ וויטאַלן ציל וואָס די נאַטור שטעלט זיך; שלעכט איז דאָס
וואָס שטערט אַז אַזאַ וויטאַלער ציל זאָל דערגרייכט ווערן. דער שכר
פאַר דער גוטער האַנדלונג איז די צופרידנקייט, די שטראָף פאַר דער
שלעכטער האַנדלונג זיינען די ליידן. נישט ווילנדיק זאָגט דאַ דער ביאָ־
לאָג דאָס וואָס די אַלטע העדאָניסטן פלעגן זאָגן און אין אַ געוויסן זינען
אויך דאָס וואָס די מאָדערנע אוטיליטאַריסטן זאָגן.

עדמונד וו. סינאָט ברענגט אָבער אַרויס אַן אַנדערן, וויכטיקערן

(31) F. Dostoiewsky, *Memorias de un Ser Paradójico*, Editorial "Cultura", Santiago de Chile, 1934, pág. 13.
(32) George Gaylor Simpson, *El Sentido de la Evolución...*, pág. 257.

אַרגומענט פאַר דעם עטישן יסוד פון דעם סדר־העולם. דהיינו, אַז אין דעם קאָסמאָס הערשט אַן אָרגאַניזיר־פּרינציפּ, וואָס לאָזט נישט אַז די זאַכן זאָלן זיך געפינען אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. אַזוי, איז די אומאָר־גאַנישע וועלט, אַפילו אין אירע קלענסטע עלעמענטן, אָרגאַניזירט אין סיסטעמען, און די אָרגאַנישע וועלט איז אָרגאַניזירט אין צעלן. היות יעדער אָרגאַניזם האָט זיך זיין וויטאַלן ציל צו דערגרייכן, איז יעדער עטאַפּ וואָס ווערט דערגרייכט אַ עטישע דערגרייכונג. „דער מאָראַלער אימפּעראַטעוו, שרייבט ער, איז, בכן, פאַרבונדן מיט אַזאַ געזעץ וואָס איז אייגן דעם פּראָטאָפּלאַזם גופא" (33). די שטרעבונג צו אַ מאָראַלן ווערט איז שוין אַ ווערט.

אָט דער אָרגאַניזיר־פּרינציפּ דערמאָנט שטאַרק אין ספּינאָזאָס האַר־מאָנישן סדר־העולם, ווו „דער סדר פון די אידעען איז דער זעלביקער ווי דער סדר פון די זאַכן".

מע קען נישט לייקענען אַז דער מענטש געפינט זיך שטענדיק אונ־טער דער הערשאַפט פון צילן. דערמיט דערפילט ער דעם העכסטן נאַטור־געזעץ, וואָס שטרעבט צו דער בעסטער אָרגאַניזירטער פּער־פעקטקייט. דאָס וואָס מע רופט אין דער מאַטעריע „אָרגאַניזיר־פּרינ־ציפּ", ווו אַפילו די קלענסטע עלעמענטן (עלעקטראָנען) גרופּירן זיך אין סיסטעמען, און דאָס וואָס מע רופט אין דער וועגעטאַלער וועלט, אָדער אָרגאַניזמען, „האַרמאָניע צווישן קעמערלעך", קען מען ביים מענטשן רופן די „מאָראַלע פליכט" וואָס שטרעבט צו אַלץ אַ גרעסערע פּערפעקטקייט.

דאָס איז אָבער אַ צו אָפּטימיסטישער קוק אויפן מענטשן ווי אויף דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. די רעאַליטעט דערוויזט נישט, צום באַדויערן, אַז ס'איז אַזוי. פאַרקערט, די מענטשהייט גייט נישט צו מאָראַלער שלמות, און די מענטשהייט קען זיך אויך נישט פאַרלאָזן אויף דער נאַטירלעכער סטיכיע. מער פון אַלץ נייטיקט מען זיך אין זיכערע פּרינציפּן, וואָס מע געפינט בלויז אין די „אייביקע און אַבסאָ־לוטע" ווערטן. און אָט די ווערטן קענען וויסנשאַפטלעך נישט באַגרינ־דעט ווערן.

זייער באַלערנדיק איז דאָס וואָס עס זאָגט וועגן דעם איינשטיין.

(33) Edmund W. Sinnott, *La Biología del Espíritu*, Breviarios del Fondo de Cultura Económica, México - Buenos Aires, 1960, pág. 162.

כאָטש ער האָט די עטישע פּראָבלעמען נישט געפאָרשט האָט ער דאָך אין דעם געהאַט אַ בלוטיקן אינטערעס. ער האָט עס, ווי אַ עכטער הומאַניסט, באַטראַכט פאַר דאָס וויכטיקסטע וואָס יעדער איינער האָט צו לייזן אין זיין לעבן. ער האָט געשריבן: „פאַר דעם וויסנשאַפטלער עקסיסטירט בלויז דער וואָס ס׳איז ׳איז׳, אָבער נישט דאָס וואָס מע וויל, נישט דאָס ווערטיקע, נישט דאָס גוטע, נישט דאָס שלעכטע; קיין שום ענדציל. כל זמן מיר האַלטן זיך בתוך דער ממשלה פון דער וויסנ־שאַפט וועלן מיר קיין מאָל נישט באַגעגענען אַזעלכע פראַזן ווי ׳זאָג נישט קיין ליגן׳ ״ (34).

פון דעסט וועגן, זאָגט איינשטיין, דאַרף מען דערפאַר נישט מיינען אַז דעם לאָגישן דענקען איז פרעמד די עטיק. די וויסנשאַפט שאַפט טאַקע נישט קיין עטישע נאָרמען, דאָך קענען די עטישע כללים נישט ווערן פאַרשטענדלעך און קאָהערענט אָן דעם לאָגישן דענקען. ער שרייבט:

> ס׳איז דער זכות פון דעם מענטשנס מאָראַלישן זשעני, וואָס איז פאַרקערפערט אין אינספּירירטע יחידים, אַרויסצוברענגען אַזעלכע עטישע אַקסיאָמעס וואָס זאָלן זיין אַזוי פאַרשטענדלעך און אַזוי רעכטלעך באַגרינדעט אַז די מענטשן זאָלן זיי אָננעמען ווי איינגע־וואָרצלטע אין די עמאָציאָנעלע דערפאַרונגען. די עטישע אַקסיאָמעס ווערן איינגעשטעלט און אונטערגעוואָרפן דער פּראָבע, נישט אויף אַן אַנדער אופן ווי די אַקסיאָמעס אין דער וויסנשאַפט. (35).

אוודאי האָט די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט אַ סך וואָס צו זאָגן וועגן דעם מענטשנס האַנדלונגען און וועגן זיינע באַגריפן פון גוטס און שלעכטס. דאָס פעלד איז אָבער אַזוי ברייט אַז מיר קענען זיך דאָ אין דעם נישט אַריינלאָזן. פאַר אונדז וועט דאָ גענוג זיין צו זאָגן אַז די פּסיכאָלאָגיע, ווי דער פּסיכאָאַנאַליז, רעדוצירט אַלע עטישע פּראָבלע־מען בלויז אויף דעם כאַראַקטער פון מענטשן. דער כאַראַקטער איז לויט עריך פראָם די הויפּט־טעמע פון דער עטיק. עס הייסט, אַז מע גיט נישט קיין לייזונג פאַר די עטישע פּראָבלעמען, נאָר מע טראָגט זיי איבער אויף אַן אַנדער אָרט: צום אומבאַוווסטזיין אָדער אונטערבאַ־

(34) Albert Einstein, *De Mis Ultimos Años*, Aguilar, S. A. de Ediciones, Madrid, México, Buenos Aires, 1951, pág. 140.
(35) Ibidem . . . , pág. 141.

וווּסטזיין. דערפון באַקומט זיך אַ פּשוטע טאַוטאָלאָגיע; אַ גוטער כאַ־
ראַקטער פירט זיך אויף גוט און אַ שלעכטער כאַראַקטער פירט זיך
אויף שלעכט. ווי מע געפינט עס אויך אין דער אַנימאַלער וועלט, ווו
דער כאַראַקטער פון דעם באַשעפעניש באַשטימט זיין האַנדלונג. אַזוי,
למשל, איז דאָס צווישן הינער, הינט און אַנדערע, וואָס ווען זיי זיינען
צוזאַמען איז שטענדיק דאָ איינער וואָס הערשט איבער דעם אַנדערן.
ווען מע וואַרפט קערנער צו אַ גרופּע הינער וועט זיך צווישן זיי באַלד
איינשטעלן אַ מין היעראַרכישע איינטיילונג. ווער עס וועט עסן מער
און נישט צולאָזן קיין אַנדערע, אָדער ווער עס וועט כאַפּן מער און
ווער ווייניקער. אָט די הערשאַפט פון איינעם איבער דעם אַנדערן בייט
זיך קיין מאָל נישט. דער וואָס האָט אַ שטאַרקערן כאַראַקטער הערשט
איבער דעם וואָס האָט אַ שוואַכערן כאַראַקטער (36). די מענטשלעכע
מאָראַל קען דערפון ווייניק וואָס אָפּלערנען.

אין דער אמתן קען דער פּסיכאָאַנאַליסט נישט באַטראַכט ווערן
ווי אַ מיטשאַפער פון מאָראַלע ווערטן, ווייל אַלץ וואָס ער טוט איז
**אַנטוווערטיקן די ווערטן.** אומעטום, אויך אין דעם עטישן ווערט, זעט
ער בלויז פאַרמאַסקירונג, זעלבסט־אָפּנאַרונג אָדער פאַלשקייט. אַזוי איז
פאַר אים די ליבע פון אַ מאַמען, רחמנות אָדער הערויִזם, נישט עפּעס
אַנדערש ווי מאַסקעס מיט וועלכע מע וויל פאַרדעקן די אַנימאַלע אינס־
טינקטן.

דער לאָגישער אַנאַליז וואָס איז קאָנסטרוקטיוו ווען ער צעשטערט
פאָראורטיילן, איבערגלייבערישקייטן אָדער פיקציעס איז אָבער אויך
דעסטרוקטיוו ווען ער אַנאַליזירט פּאָזיטיווע ווערטן. אויך דער לאָגי־
שער אַנאַליז, פּונקט ווי דער פּסיכאָאַנאַליז, אַנטוווערטיקט ווערטן. ער
טוט עס גראָד דעמאָלט ווען ער ווענדט אָן דעם שטרענגן וויסנשאַפט־
לעכן מעטאָד.

אַזאַ צעשטערונג פון ווערטן האָט דורכגעפירט לודוויק וויטגענ־
שטיין (1877—1951). ער איז געבוירן אין ווין און האָט זיך שפּעטער
באַזעצט אין ענגלאַנד. ער איז געווען דער טעאָרעטישער אָנשפּאַר פאַר
דעם „ווינער קרייז”. ער האָט משפּיע געווען אויף בערטראַנד ראַסל,
וועמענס תּלמיד ער איז אַ צייט געווען, און אויך משפּיע געווען אויף

(36) David Katz, *Animales y Hombres*, Espasa-Calpe S. A. Madrid, 1942, pág. 162.

דעם קעמברידזשער אַנאַליטישן קרייז. זיין הויפּט-טעזיס איז געווען, אַז דאָס פילאָסאָפישע דענקען, ווי בכלל יעדער „אַלגעמיינע אידעע" איז נישט פעיִק צו שאַפן ווערטן. פאַרקערט, די אויפגאַבע פון דער פילאָ־סאָפיע איז אויפלייזן די הנחות און במילא אויפלייזן די ווערטן. ער האָט געפאָדערט אַ מין פילאָסאָפישן פסיכאָאַנאַליז, וואָס האָט געדאַרפט דערווייזן, אַז די הנחות זיינען נישט קיין אמת און נישט קיין פאַלש־קייט, נאָר פיקציעס אָדער דימיונות. און אויב פיקציעס געהערן זיי צו דער דיכטונג און נישט צו דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק.

אַן ענלעכן קריטעריום האָט אַמאָל פאַרטראָטן בערטראַנד ראַסל. ער האָט געהאַלטן אַז עס זיינען נישט פאַראַן קיין אָביעקטיווע ווערטן. אַז ווען מע זאָגט אויף עפּעס אַז דאָס איז גוט אָדער שיין מיינט מען צו זאָגן אַז ס'איז אונדזער באַגער אַז אַלע זאָלן דעם דאָזיקן עפּעס באַ־טראַכטן ווי גוט און שיין. ב. ראַסל שרייבט:

ווען אַ מענטש זאָגט: „דאָס איז גוט אין זיך גופא", אָדער „דאָס איז זיס", דאַכט זיך מיר אַז עס ליגט אין דעם אַ טעות. אין דער אמתן האָט דער מענטש געוואָלט זאָגן: „איך וויל אַלע זאָלן עס באַ־גערן", אָדער נאָך מער, „מעגלעך אַז אַלע באַגערן עס". — — — דער באַגער ווי אַ געשעעניש איז פּערזענלעך אָבער דאָס וואָס ער איז אויסן איז אוניווערסאַל. מיר דאַכט אַז אָט די קוריאָזע פאַרבינ־דונג צווישן דאָס פּריוואַטע און דאָס אוניווערסאַלע איז דאָס וואָס האָט געבראַכט אַזוי פיל קאָנפוזיע אין דער עטיק (37).

ווען צוויי מענטשן, שרייבט ער ווייטער, זיינען נישט איינשטימיק וועגן ווערטן איז ביי זיי נישט פאַראַן קיין נישט-איינשטימיקייט וועגן אַ מין אמת, נאָר עס איז פאַראַן ביי זיי אַ חילוק אין געשמאַק. ווען עמעצער זאָגט: „די פיש זיינען גוטע" און אַ צווייטער זאָגט: „איך גלייב אַז זיי זיינען שלעכטע", מוזן מיר אָנערקענען אַז יעדער דיסקוסיע איז איבעריק. ראַסל האַלט אַז אַלע קאָנפליקטן מכוח די ווערטן זיינען פון דעם זעלבן מין. דער חילוק באַשטייט נישט אינעם זוכן אַן אָביעקטיוון אמת, נאָר אין געשמאַק.

ס'איז ממש צו שטוינען ווי אַזוי ב. ראַסל, וואָס איז אַזאַ טיפער דענקער, קען זיך אויך נישט באַפרייען פון צו דענקען דורך אַנאַלאָגיעס,

(37) Bertrand Russell, *Religión y Ciencia*, Editorial Zig-Zag, Santiago, Chile, pág. 186.

וואָס מוז פירן צו פאַרביטן באַגריפן. ווען איינער זאָגט „די פיש זיינען גוטע" און דער אַנדערער זאָגט „די פיש זיינען שלעכטע" דיסקוטירן זיי נישט וועגן עטישע ווערטן. די באַגריפן „גוט" און „שלעכט" זיינען דאָ געבאָרגטע. אין דער אמתן ווילן זיי זאָגן אַז די פיש זיינען פער־פעקטע אָדער נישט פערפעקטע. הגם מיר זיינען געוווינט צו זאָגן אויף אַ מאכל אַז ער איז גוט אָדער נישט גוט, מיינט עס דאָך נישט אַז מיר רעאַליזירן דערמיט אַ עטישן ווערט. ווייל גוט און שלעכט קען נאָר זיין אַ מענטשלעכער ווילן.

אַוודאי זיינען פאַראַן ווערטן וואָס מע קען זיי באַזירן אויפן באַגער אָדער געשמאַק, ווי דאָס זיינען די עסטעטישע און וויטאַלע ווערטן (דערנערונג). אַ פּאָזיטיווער וויטאַלער ווערט איז אַזאַ וואָס באַפרידיקט דעם באַגער און געשמאַק צו שטאַרקן די פיזישע כוחות. אַ נעגאַטיווער וויטאַלער ווערט איז אַזאַ וואָס באַפרידיקט נישט דעם באַגער און גע־שמאַק, בכן פירט ער צום אָפּשוואַכן די כוחות. נישט פאַראַן אַזאַ מיטל מיט וועלכן איינער זאָל קענען איבערווייזן דעם אַנדערן פאַר וואָס איין סאָרט שפייז געפעלט אים מער ווי אַן אַנדערן.

ב. ראַסל איז אַזוי קאָנסעקווענט מיט זיין טעזיס אַז נישט נאָר אי־דענטיפיצירט ער אַלע ווערטן, ווי דאָס טוען אַלע ווערטן־טעאָרעטי־קערס, נאָר ער אַנולירט זיי ממש. דער עיקר דעם עטישן ווערט, וועלכן ער נעמט ווי אַ ביישפּיל. ער שרייבט:

> אויב מיין אַנאַליז איז קאָרעקט, אַנטהאַלט די עטיק ניט קיין אמתע און ניט קיין פאַלשע פּאָסטולאַטן, נאָר זי אַנטהאַלט געוויסע אַלגעמיינע באַגערן אָדער אַזוינע וואָס באַרירן די אַלגעמיינע מענטש־לעכע באַגערן. — — — די קאָנסעקווענצן פון אָט דער דאָקטרין זענען באַטייטיקע. אויפן ערשטן פּלאַץ איז ניט פאַראַן עפּעס אַזוינס וואָס רופט זיך אין אַבסאָלוטן זינען „זינד". וואָס איינער באַצייכנט ווי „זינד" קען אַ צווייטער באַצייכענען ווי „טוגנט" (38).

בקיצור, אַלע ווערטן באַזירן זיך אויף באַגער און געשמאַק. אויף צו פאַרזיסערן אַ ביסל אָט די ביטערע פּיל זאָגט ראַסל אַז דעם שטיי־גער לעבן וואָס ער באַוווּנדערט איז יענער וואָס ווערט געפירט דורך גרויסע אומפּערזענלעכע באַגערן. ווי אַזוי אָבער איז מעגלעך אַז אַ באַ־

(38) Ibidem . . . , pág. 188.

גער זאָל זיין אומפּערזענלעך? ווי אַזוי וועלן מיר אים קענען אויסטיילן פון דעם ריין פּערזענלעכן באַגער? ווייסן מיר דען נישט אַז כמעט יע־דער עטישער ווערט קומט אויף אַ דאַנק דעם וואָס אונדז געלינגט אונ־טערצודריקן אַ באַגער אָדער געשמאַק? און דער וואָס דריקט אונטער איז נישט דער אימפּולס נאָר דער מאָראַלער געזעץ וואָס יעדער איינער טראָגט אין זיך.

פאַרשטייט זיך אַז אויך בערטראַנד ראַסל, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט זיין הומאַניזם, האָט נישט געפּרעדיקט קיין אַנולירונג פון די עטישע ווערטן, אַז דאָס גוטע און גערעכטע קענען זיך געפינען אויף איין מדרגה מיט דאָס שלעכטע און אומגערעכט. ער האָט אָבער נישט געקענט ביי־שטיין דעם נסיון זיך אָפּצוזאָגן פון אַ ריין וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז.

דאָס נישט מאַכן קיין חילוק צווישן ווערטער וואָס דריקן אויס פאַרשיידענע באַגריפן געפינען מיר אין אַ וויכטיק ווערק וואָס האָט זיך גראָד געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אויסצוגעפינען דעם ריכטיקן טייטש פון די ווערטער און זייער שייכות צום געדאַנק. דאָס ווערק הייסט **דער זינען פון דעם זינען** (1923). געשריבן האָבן עס צוויי לינג־וויסטן: ק. ק. אָגדען און י. ריטשאַרד (39). כאָטש די מחברים זיינען נישט אויסן געווען צו שאַפן קיין נייע שיטה אין דער פילאָסאָפיע האָט דאָך זייער וויסנשאַפטלעכע קריטיק אויף די פילאָסאָפישע הנחות גע־בראַכט צו גאָר אַ נייעם צוגאַנג צו פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. ספּעציעל האָבן דאָס אויסגענוצט די לאָגישע פּאָזיטיוויסטן.

די מחברים שטעלן פעסט אַז עס זיינען פאַראַן ווערטער וואָס זייער **סימבאָלישע פונקציע** איז אַ טעותדיקע, ווי אַ ביישפּיל ברענגען זיי דאָס וואָרט „גוט". זיי שרייבן:

> מען זאָגט אַז אָט דער באַגריף [גוט] איז די אייגנטלעכע טעמע מיט וואָס עס גיט זיך אָפּ די עטיק. מיר מיינען אַז אָט די אייגנאַר־טיקע עטישע באַניצונג מיט דעם וואָרט „גוט" האָט אַ ריין עמאָ־טיוון כאַראַקטער. ווען מען באַנוצט עס אַזוי, שטעלט דאָס וואָרט נישט פאַר גאָר נישט און עס האָט נישט קיין שום עטישע פונקציע. אַזוי, ווען מיר באַנוצן זיך דערמיט אין דער פראַזע „דאָס איז גוט"

(39) C. K. Ogden - I. A. Richards, *El Significado del Significado*, Editorial Paidós, Buenos Aires, 1954.

> באַציִען מיר זיך בלויז אויף „דאָס" און דער צוגאָב „איז גוט" ברענגט נישט קיין שום ענדערונג אין אונדזער באַציִונג [צום געדאַנק]. פאַרקערט, ווען מיר זאָגן „דאָס איז רויט", סימבאָליזירט דער צוגאָב „רויט" צום „דאָס" אַ געוויסע אויסברייטערונג פון אונדזער שייכות צו אַ געוויסער אַנדער זאַך וואָס איז רויט. דער אויסדרוק אָבער „איז גוט" האָט נישט קיין ענלעכע סימבאָלישע פונקציע. ער דינט בלויז ווי אַ עמאָטיווער צייכן, וואָס דריקט אויס אונדזער שטעלונג צו „דאָס" (40).

עס הייסט, אַז ווען מיר זאָגן אויף אַ זאַך, האַנדלונג אָדער פּערזאָן אַז ער איז גוט, זאָגן מיר נישט קיין אמת און נישט קיין פאַלשקייט, נאָר מיר דריקן אויס אַ געמיט-צושטאַנד. די קללה פון פאַראַלגעמיינערונג און דאָס דענקען דורך אַנאַלאָגיע לייגט אויך דאָ איר חותם. דאָס וואָרט „גוט", אין וועלכן די צוויי מחברים געפינען נישט קיין ממשות, אָדער ווי זיי רופן עס, סימבאָלישע פונקציע, האָט נישט צו טאָן מיט דער עטישער האַנדלונג וועלכע מיר דריקן אויס מיטן וואָרט „גוט". דאָס איז איין וואָרט (גוט) מיט אַ סך פאַרשיידענע אינהאַלטן. אויך דאָ, ווי אין דעם פריִער געבראַכטן פאַל מיט ב. ראַסל, ווען מיר זאָגן אויף אַ שטאָף אַז ער איז גוט מיינען מיר ניט דערביי קיין עטישע גוטסקייט, נאָר מיר דריקן אויס אַ געמיט-צושטאַנד: אַ מאָל געפעלט אונדז דער שטאָף מער און אַ מאָל ווייניקער. אַנדערש איז אָבער ווען מיר רעאַליזירן אַ עטישן ווערט; מיר גיבן עמעצן הילף, נאַרן נישט אָפּ. דעמאָלט איז דאָס וואָרט „גוט", מיט וואָס מיר באַצייכענען אַזאַ אַקט, שוין גאָר נישט קיין פּוסטער און דריקט נישט אויס בלויז אַ געמיט-צושטאַנד.

דאָס וואָרט „גוט" האָט צוויי הויפּט-טייטשן. איינעם וואָס מיינט שלימות, ווי „דער שטאָף איז גוט" און אַ צווייטן וואָס מיינט האַנדלונג ווי „ער האָט גוט געטאָן". ווען מע אידענטיפיצירט דאָס וואָרט „גוט" מיט שלימות קען מען טאַקע באַהויפּטן, ווי דאָס טוען די לאָגישע פּאָזיטיוויסטן, אַז ווען מע באַצייכנט עפּעס ווי גוט זאָגט מען דערמיט ניט קיין אמת און ניט קיין פאַלשקייט, נאָר מע דריקט בלויז אויס אַ געמיט-צושטאַנד. אַ ביישפּיל פאַר דעם געפינען מיר אויך אין דער ביבלישער דערציילונג וועגן בריאת-העולם. דער אויסדרוק: וירא אל-

(40) Ibidem . . ., pág. 143.

הים כי טוב (און גאָט האָט געזען אַז דאָס איז גוט) מיינט דאָ ניט קיין שום עטישן ווערט, נאָר אַ הסכמה אויף שלמותדיקייט. דאָס מיינט אָבער ניט אַז דערפאַר איז ניט פאַראַן אַזאַ האַנדלונג אויף וועלכער מיר קענען זאָגן אַז זי איז „גוט אין זיך" ווי דאָס איז יעדער גוטע האַנדלונג וואָס ווערט געטאָן שלא על מנת לקבל פרס. ווען אַ מענטש, למשל, איז זיך מקריב פאַר זיין פאַמיליע, קענען מיר זאָגן אַז אַזאַ האַנדלונג דריקט נישט אויס קיין שום ממשותדיקן ווערט (איז ניט אמת און ניט פאַלש), נאָר דריקט בלויז אויס אַ געמיט-צושטאַנד? קען מען זאָגן אַז דער מענטש וואָס טוט עס אַ סך יאָרן האָט שטענדיק איין געמיט-צושטאַנד? מע מוז אָבער אָנערקענען אַז פונעם ריינעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, וואָס באַזירט זיך אויפן לאָגישן אַנאַליז, זיינען זיי זייער גערעכט. פונקט ווי דאָס זיינען גערעכט די פסיכאָאַנאַליטיקערס מיט זייער דעסטרוקטיווער אויפגאַבע.

צום גליק איז נישט אַלץ אין מענטשנס לעבן באַהערשט פון דער וויסנשאַפט. פאַראַן צום ווייניקסטנס איין געביט ביים מענטשן צו וועלכן די וויסנשאַפט קען קיין מאָל קיין צוטריט נישט האָבן. דאָס איז דער זינען פון די זאַכן. די וויסנשאַפט קען דערפאָרשן די יסודות פון די זאַכן, פון דעם קלענסטן שטויב ביז דעם גרעסטן פלאַנעט אָדער פלאַנעטן-סיסטעם; פון דעם קלענסטן לעבעדיקן קעמערל ביז דעם גרעסטן און קאָמפּליצירטסטן לעבעדיקן אָרגאַניזם, זי קען אָבער נישט דערפאָרשן דעם זינען פון די זאַכן. דאָס געהערט בלויז דעם מענטשן.

**ווען מיר ריידן וועגן אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן מיינען מיר וועגן דעם אייביקן און אַבסאָלוטן זינען וואָס מיר געפינען אין די זאַכן, אין די געשעענישן און אין די האַנדלונגען. אָט דער זינען איז דער תמצית פון אַלע הומאַניסטישע ווערטן. דאָס פאָרשן אָט דעם זינען געהערט נישט דער וויסנשאַפט, נאָר דער מעטאַפיזיק.**

## דריטע טייל

# די אַבסאָלוטע מאָראַל

### 9. דאָס אַבסאָלוטע ווי דער יסוד פון דער הומאַניסטישער מאָראַל

אַבסאָלוט מיינט עפּעס אַזוינס וואָס איז נישט אָפּהענגיק פון קיין דרויסנדיקן כוח, נאָר טראָגט די סיבה פון דער עקסיסטענץ אין זיך גופא. דערפאַר ווערט דאָס אַבסאָלוטע דעפינירט ווי דאָס פּערפעקטע, גאַנצע, ריינע, פשוטע, אומבאַגרענעצטע, אומאָפּהענגיקע. אין דער פילאָסאָפיע איז דאָס אַבסאָלוטע באַטראַכט געוואָרן ווי דער לעצטער יסוד פון דער רעאַליטעט. אַזוי האָט פּאַרמעניד געפונען דאָס אַבסאָלוטע אין דער **ספערע**, פּלאַטאָן אין דער **אידעע פון גוטס**, אַריסטאָטל אין דעם **אומבאַוועגלעכן באַוועגער**, פּלאָטין אין דעם **איינס**, ספּינאָזאַ אין דער **סובסטאַנץ**, קאַנט אין דער **זאַך אין זיך**, פיכטע אין דעם **איך**, העגעל אין דעם **אַבסאָלוטן גייסט**, שאָפּענהויער אין דעם **ווילן**, בערגסאָן אין דער **אינטויִציע**.

דאָס איז אָבער אַלץ שייך דער רעאַליטעט אָדער דער דערקענטעניש פון דער רעאַליטעט. דאָס אַבסאָלוטע איז אָבער אויך שייך פּרינציפּן אָדער געזעצן, וועלכע מע באַטראַכט פאַר אומבאַגרענעצט אָדער אומבאַרירלעך. קאַנט האָט עס גערופן קאַטעגאָריש. אַזוי, האָט ער רעדוצירט דעם מאָראַלן געזעץ צו אַ קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. עס הייסט, צו אַזאַ פליכט וואָס איז נישט היפּאָטעטיש — וואָס קען יאָ דורכגעפירט ווערן אָדער נישט — נאָר קאַטעגאָריש, ווייל זי מוז אַבסאָלוט דורכגעפירט ווערן. קאַטעגאָריש מיינט דאָ דאָס אייגענע וואָס אַבסאָלוט.

קאַנטס אויפטו אָדער רעוואָלוציע אין דער עטיק איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט אָט די אַבסאָלוטקייט פון דער פליכט געקרוינט פאַר דעם איינציקן געזעצגעבער. דער אַבסאָלוטער אימפּעראַטיוו איז

גוט בלויז דעמאָלט ווען ער האַנדל נישט לויט אַ פון פריער באַשטימטן געזעץ נאָר לויט דעם געזעץ וואָס יעדער איינער גיט זיך אַליין.

הגם קאַנט איז דערמיט נישט אויסן געווען צו באַפרייען דעם מענטשן פון זיין געבונדנקייט צו אַלע הייליקע הומאַניסטישע אידע־אַלן, האָט ער אים פאַקטיש יאָ באַפרייט און האָט אים אין גאַנצן אי־בערגעגעבן דער אַליין־געקרוינטער **בלינדער פליכט**. זיין באַוואָרעניש אַז מע זאָל קיין מאָל דעם מענטשן נישט באַטראַכטן ווי אַ מיטל צו עפּעס, נאָר ווי אַ ציל אין זיך האָט נישט געקענט העלפן, ווייל אַזאַ אויפגאַבע איז איבער דעם מענטשנס כוח דורכצופירן. קאַנט האָט שפּע־טער מודה געווען אַז ער גופא האָט עס קיין מאָל נישט געקענט אויס־פירן.

קאַנטס עטיק איז כמעט אין גאַנצן רעדוצירט געוואָרן אויף דער **בלינדער פליכט**. אויב דער קאַטעגאָרישער אָדער אַבסאָלוטער אימפּע־ראַטיוו באַפעלט חרוב צו מאַכן די וועלט, מוז די וועלט חרוב ווערן. דער קוריאָז איז וואָס קאַנט האָט זיך אונטערגענומען צו באַפרייען דעם מאָראַלן געזעץ פון די סוביעקטיווע קייטן, אויסגעלאָזן האָט זיך אָבער אַז ער האָט אויף אים אָנגעטאָן נאָך שווערערע קייטן ווי ער האָט פריִער געהאַט.

אַנדערש איז אָבער ווען מע האַנדלט נישט אויס רעספּעקט צום „אייגענעם געזעץ”, נאָר אויס רעספּעקט צו אייביקע, אָביעקטיווע און אַבסאָלוטע מאָראַלע געזעצן. אַזאַ מאָראַלע האַנדלונג קען נישט זיין קיין פּראָדוקט פון באַדינגונגען, בכן **רעלאַטיוו**, נאָר מוז זיך אינספּירירן אין אַזוינע הומאַניסטישע ווערטן וואָס זיינען מחוץ צייט און שטח, בכן **אַבסאָלוט**. וואָס אַזוינס לאָזט זיך געפינען אין דעם וואָס מיר רופן הומאַ־ניסטישע ווערטן?

אונטער הומאַניסטישער מאָראַל פאַרשטייען מיר אַזאַ האַנדלונג וואָס ווערט געטאָן נישט אויס צוואַנג פון די באַדינגונגען, נאָר אויס רעספּעקט פאַר דער פרייהייט און חשיבות פון מענטשן: אויס רעס־פּעקט פאַר די אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן וואָס עס גיט אונדז די פרייהייט און חשיבות.

דער הומאַניזם איז אויפגעקומען אין דער רענעסאַנס־תקופה, ווי אַ רעוואָלט קעגן דעם מיטל־עלטערלעכן רעליגיעזן דאָגמאַטיזם. ס'איז געווען אַ פּרוּוו אויפצולעבן דאָס קלאַסישע אַלטערטום, ווי דאָס

איז באַקאַנט געווען אין גריכנלאַנד. עס הייסט, מבטל מאַכן די דע־מאָלטיקע באַדינגונגען און אויפלעבן די אַלטע ווערטן, וואָס האָבן זיך באַזירט אויפן פּרינציפּ אַז דער מענטש איז דער העכסטער ווערט, סיי ווי אַ יחיד און סיי ווי די פאַרקערפּערונג פון דער מענטשהייט.

אין דער אמתן האָט מען דערמיט נישט אויפגעלעבט בלויז דאָס קלאַסישע גריכנלאַנד, נאָר מע האָט, נישט ווילנדיק, אויך אויפגעלעבט דעם ריינעם ייִדישן באַגריף וועגן מענטש, ווי ער איז באַקאַנט דורך די מיטאָסן און לעגענדעס פון ספר **בראשית**. ווייל ביז איצטער האָט נאָך קיינער נישט איבערגעשטיגן, אין מאָראַלן זינען, די ייִדישע אידעע וועגן מענטש. כאָטש די גריכן האָבן געלערנט אַז „דער מענטש איז די מאָס פאַר אַלע זאַכן" (פּראָטאַגאָראַס), האָבן זיי דאָך דערמיט נישט אָפּגעטיילט דאָס גוטע פון דאָס שלעכטע ביים מענטשן. אויך האָבן זיי געלערנט, אַז דער מענטש איז באַשאַפן גלייך ווי אַלע אַנדערע באַשע־פענישן.

אַנדערש איז אָבער די ייִדישע פאָרשטעלונג וועגן מענטש. דער מענטש איז דער העכסטער ציל פון דער יצירה. בכן, איז נישט פאַ־ראַן קיין גרעסערער און הייליקערער ציל אויף דער וועלט ווי דאָס לעבן פון אַ מענטשן. דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן צו זיין פריי און נישטאָ אַזאַ מאַכט צו וועלכער ער זאָל פאַרשקלאַפט ווערן. ווייל דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ פרייען ווילן, מוז ער נישט זיין קיין שקלאַף פון די באַדינגונגען, ווי אַלע אַנדערע בעלי־חי, נאָר ער האָט די מעגלעכקייט צו באַהערשן די באַדינגונגען. אַזוי מוז ער נישט אויסקלייבן דאָס גוטע ווייל דאָס ברענגט אים נוצן, נאָר ער האָט די מעגלעכקייט און די פליכט אויסצוקלייבן דאָס גוטע ווי אַ ציל אין זיך גופא; ווי אַ ווערט אין זיך גופא. און דער עיקר געפינען מיר אין דער ייִדישער אַנטראָפּאָלאָגיע דעם געדאַנק אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, ווייל זיי האָבן איין און דעם זעלביקן אָפּשטאַם.

דער הומאַניזם ווי אַ לערע לאָזט זיך איינטיילן אויף דריי הויפּט־שיטות.

1) **דער קריסטלעכער הומאַניזם** שטעלט די זאָרג פאַרן מענטשן, ווי פאַר זיין נשמה, העכער ווי אַלע אַנדערע זאָרגן, ווי דאָס איז, למשל, די זאָרג פאַר דעם מהות פון דער נאַטור אָדער קאָסמאָס. דער מענטש ווערט אָבער נישט באַטראַכט ווי אַ אומאָפּהענגיקער וועזן, נאָר ער

איז געבונדן צו גאָט. דער מענטש קען אַליין נישט דערלייזט ווערן, נאָר גאָט איז זיין דערלייזער. אַזוי אויך דאַרף דער מענטש זאָרגן מער פאַר „יענער וועלט" ווי פאַר „דער וועלט".

2) **דער אַטעיִסטישער הומאַניזם** האָט אין דעם מענטשנס נאַטור גופא געפונען געגוג כוחות אויף צו שאַפן זיין אייגענע וועלט. דער מענטש האָט דעם באַוווסטזיין פון זיינע אייגענע כוחות און ער געפינט אין דער נאַטור אַ ביישפיל און אַ אינספּיראַציע פאַר זיינע מעשים. אַזוי אַז דער מענטש באַטראַכט זיך ווי דער שאַפער פון זיין אייגענעם גורל, וואָס באַגייט זיך אין גאַנצן אָן איבערנאַטירלעכע כוחות. אַלץ איז געבויט אויף דער דערפאַרונג און אויף דעם אויסגעפּרוּווטן באַווייז. אויך דעם מענטשנס אַחריות האָט נישט אין זיך קיין סימן פון מעטאַפיזיק: עס הייסט, פון עפּעס וואָס איז למעלה מן השכל.

3) **דער פּאַנטעיִסטישער הומאַניזם** האָט אין מענטשנס ווילן ווי אין דעם מענטשנס מעשים געזען די אייביקע געזעצן פון גאָט, ווייל אין דעם מענטשן געפינט זיך אַ געטלעכער פונק. אַלץ איינס צי דער מענטש גלייבט אין דעם געטלעכן כוח וואָס ליגט אין אים אָדער נישט. דער מענטש האָט אַ רעכט צו האַנדלען גלייך ווי ער וואָלט אין דעם נישט געגלייבט. אַזוי אַז דער מענטש דאַרף זיך נישט אונטערוואַרפן קיין איבערנאַטירלעכע כוחות, ווייל די איבערנאַטירלעכע כוחות געפינען זיך אין אים. דעריבער איז דער מענטש נישט אָפּהענגיק פון גאָט ווי דאָס פּרעדיקט דער קריסטלעכער הומאַניזם און ער איז אויך נישט אומאָפּהענגיק פון גאָט ווי דאָס באַהויפּטעט דער אַטעיִסטישער הומאַניזם. ווייל ווען דער מענטש האַנדלט לויט זיין געוויסן פירט ער שוין במילא אויס גאָטס אייביקע געזעצן.

אונדז איז נאָענט דער פּאַנטעיִסטישער הומאַניזם ווייל ער מיידט אין גאַנצן אויס דעם פּילפּול וועגן מציאות הבורא, און גיט דעם מענטשן דעם כוח וואָס די יִדישע טראַדיציע האָט אים אָנגעטרויט. דער יִדישער גאָט, ווי דאָס זאָגט דער נביא מיכה, פאָדערט בלויז טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן געגאָד (כי אם עשות משפט ואהבת חסד, **מיכה**, א', 8). דערמיט ווערט אויך אויסגעמיטן די דיסקוסיע, צי די עטישע געבאָטן קומען דורך געטלעכער התגלות אָדער דורך דער נאַטירלעכער אינטויִציע.

די הומאַניסטישע מאָראַל רעדוצירט זיך אין גאַנצן אויף אייביקע

אוניווערסאַלע ווערטן. נישט די „באַדינגונגען" אויף וואָס עס שפּאַרט זיך אָן די רעלאַטיווע מאָראַל, נאָר די אויטאָנאָמע פליכט וואָס געפינט זיך איבער צייט און שטח און איבער יעדער אומשטאַנד. דאָס איז, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, אַ פליכט וואָס קאָנטראָלירט די רע־לאַטיווע פליכטן. ס'איז אַ רעכט וואָס דאַרף געבן רשות צו באַנוצן זיך מיט דעם רעכט. אָט די פליכט, אחריות אָדער געוויסן קען נישט זיין סוביעקטיוו אָדער רעלאַטיוו, נאָר מוז זיין אָביעקטיוו, אייביק און אַבסאָלוט, דריי באַגריפן, וואָס רופן אַרויס דעם צאָרן פון אַלע וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון אונדזער יאָרהונדערט, וואָס האָט אָפּגעשאַפט אַלע אָביעקטיווע, אייביקע און אבסאָלוטע ווערטן.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, מיינען מיר נישט אַז עס זיינען נישטאָ פאַראַן קיין סוביעקטיווע אָדער רעלאַטיווע פליכטן. אַזעלכע זיינען די ריין ביאָלאָגישע פליכטן וואָס באַזירן זיך בלויז אויף די סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע באַדינגונגען. זיי טיילן זיך שטאַרק נישט אויס פון דעם אינסטינקט פאַר קעגנזייטיקער הילף וואָס מע געפינט ביי די בעלי־חי. עס זיינען אָבער פאַראַן אָביעקטיווע און אויטאָנאָמע פליכטן וואָס זיינען אייביק און אבסאָלוט, ווייל זיי זיינען איבער צייט און אָרט און איבער יעדער באַדינג.

ווען מיר זאָלן אָננעמען אַז עס זיינען פאַראַן בלויז רעלאַטיווע פליכטן, ווי דאָס לערנען כמעט אַלע היינטיקע פאָרשערס, איז ווי אַזוי וועלן מיר קענען אורטיילן וועלכע פליכטן זיינען מאָראַלע און וועלכע פליכטן זיינען אוממאָראַלישע? אויפן סמך פון וואָס וועלן מיר דע־מאָלט קענען אורטיילן אַז די פליכטן פון דעם גרויס־אינקוויזיטאָר אָדער די פליכטן פון די נאַצישע הענקערס זיינען אַנדערש פון די פליכט פון, להבדיל, אַ לוי־יצחק פון באַרדיטשעוו אָדער פון אַ פראַנ־ציסקאָ דע אַסיס?

## 10. די יסודות פון די אייביקע מאָראַלע ווערטן

ווי אַזוי קען מען ריידן וועגן אייביקייט ווען מיר ווייסן אַז אין קאָסמאָס איז קיין שום זאַך נישט אייביק. אויך די פּלאַנעטן זיינען נישט אייביק. מע גלייבט אַז אונדזער ערד איז אַלט אַ פינף טויזנט מיליאָן יאָרן און אז דאָס לעבן אויף דער ערד האָט זיך אָנגעהויבן לערך מיט מער ווי טויזנט מיליאָן יאָרן צוריק. די מעטאָדן מיט וועלכע מע מעסט די אַלטקייט פון דער ערד און פון דעם לעבן אויף דער ערד איז באמת וווּנדערלעך. פריִער האָט מען עס געטאָן מיטן פאָרשן דעם צוזאַמענשטעל פון די זאַלצן וואָס מע געפינט אין ים. דאָס האָט געהאַט דערוויזן אַז דאָס לעבן איז אַלט אַ 90 מיליאָן יאָרן. די נייע פאָרשונגען פון דער אַטאָמישער ענערגיע האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו מעסטן די ראַדיאָ-אַקטיווע פּראָצעסן פון געוויסע מינעראַלן. דאָס ווערט געטאָן מיט אַן אַבסאָלוטער זיכערקייט. פאַר אַ ביישפּיל ווערט גענומען דאָס אָפּנוצן זיך פון אוראַניום, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין בליי. מע רעכנט אוים מיט אַ מאַטעמאַטישער זיכערקייט, אומאָפּהענגיק פון וועלכע ס'איז באַדינגונגען, וויפל יאָרן האָט געמוזט נעמען ביז פון אוראַניום איז געוואָרן בליי. דאָס אייגענע איז מען אויך משער, אַז דאָס לעבן אויף דער ערד ווי די ערד גופא און דער גאַנצער פּלאַנעטן-סיסטעם וועט אַ מאָל, אין דער ווייטער צוקונפט, פאַרשווינדן. איז ווי אַזוי קען מען ריידן וועגן „אייביקע” און „אַבסאָלוטע” ווערטן? דאַרף מען אָט די באַגריפן אַרויסנעמען פון דער מענטשלעכער שפּראַך?

ווען מע האַלט זיך ביי די באַגריפן פון דער קלאַסישער וויסנשאַפט פון גאַלילײ-ניוטאָן, האָט טאַקע קיין זינען נישט צו ריידן וועגן „אייביקייט” און „אַבסאָלוטקייט”. האַלט מען זיך אָבער ביי די באַגריפן פון דער היינטיקער וויסנשאַפט, ווי די רעלאַטיוויטעט-טעאָריע,

באַנעמט זי, באַקומען די באַגריפן „אייביקייט" און „אַבסאָלוטקייט" גאָר אַן אַנדער זינען. זייערע שפּראַכלעכע „סימבאָלישע פונקציעס" זיינען אומבאַדינגט נייטיקע, ווייל זיי דריקן אויס אַ פונדאַמענטאַלן מענטשלעכן געפיל און געדאַנק.

דער חילוק צווישן אַ לעבעדיקן וועזן און דער „טויטער" אומאָר־גאַנישער מאַטעריע באַשטייט אין דעם וואָס די מאַטעריע „לעבט" (פּירט אויס אירע פּראָצעסן) בלויז מיטן הווה. אירע פונקציעס זיינען בלויז מאָמענטאַלע. דאָס רוב באַשעפענישן פון דער אַנימאַלער וועלט „זאָרגן" פאַרן מאָרגן. זיי בויען נעסטן, האָדעווען קינדער, באַשיצן און באַשפּייזן זיי, האָבן אַן אינסטינקט פאַר קעגנזייטיקער הילף און זיי־נען „מבטל" זייערע אייגענע אינטערעסן לטובת דער געזעלשאַפט. דאָס אַלץ באַווייזט אויף ווי ווייט ס׳איז ביים בעל־חי שטאַרק דער אינ־סטינקט צו זאָרגן פאַר דער צוקונפט.

ביים מענטשן איז אָט די אינסטינקטיווע זאָרג פאַר דער צוקונפט געוואָרן זיין לעבנס־פּראָבלעם, בעסער געזאָגט, זיין לעבנס־טראַגעדיע. וואָס מער עס וואַקסט די מענטשלעכע קולטור אַלץ מער וואַקסט דער פריידיקער באַגער צו זאָרגן פאַר דער צוקונפט. ווער עס האָט קליי־נינקע השגות זאָרגט פאַר דער מאַטעריעלער צוקונפט און ווער עס האָט גרעסערע און העכערע השגות זאָרגט פאַר דער גייסטיקער צו־קונפט. ווען עמעצער זאָל צונעמען ביים מענטשן די אילוזיע אַז ער האָט אַ צוקונפט וואָלט ער ביי אים צוגענומען דאָס טייערסטע וואָס ער האָט אין לעבן. פאַרן מענטשן מיינט צוקונפט דאָס פאַרבינדן זיך מיט עפּעס אַזוינס וואָס שטייט מחוץ צייט און אָרט.

אייביקייט איז אין דער פילאָסאָפיע פאַרשטאַנען געוואָרן ווי אומ־ענדלעכע צייט און אויך ווי עפּעס וואָס געפינט זיך מחוץ צייט. אָט די ביידע אויסטייטשונגען זיינען אָפט באַטראַכט געוואָרן ווי די אי־דעען פון סוף און אין־סוף (ענדלעכקייט און אומענדלעכקייט). אין גרי־כנלאַנד זיינען געווען אַנהענגערס פון ביידע באַגריפן. צו איין שיטה האָבן געהערט די אַנהענגערס פון אַפּאַלאָן. זיי האָבן אויפגענומען אַלץ מיט אָלימפּישער רויקייט, גלייך ווי אויף דער וועלט וואָלט גע־הערשט אַ געמאָסטענע, אַ האַרמאָנישע און באַגרענעצטע אָרדענונג, ווו יעדער זאַך איז גענוי אָפּגעטיילט דורך אירע פאָרמען. אַזאַ סדר איז ענדלעך. דערפון, די גריכישע מענטאַליטעט וואָס האָט אין אַלץ

געזען מאָס און גרענעץ, וואָס דאָס איז, אַגב, געווען דער היפוך פון דער יידישער מענטאַליטעט וואָס האָט אין אַלץ, דער עיקר אין גאָט, געזען דאָס אומענדלעכע און פּערפעקטע.

אין גריכנלאַנד איז אָבער אויך געווען אַן אַנדער שיטה, וואָס אירע אַנהענגערס האָבן זיך אינספּירירט אין דיאָניסיוסן. די וועלט איז פאַר זיי געווען אַ צעשטורעמטע אומאָרדענונג וואָס זוכט זיך צו באַפרייען פון יעדער מאָס און גרענעץ. אין אַלץ האָבן זיי געזען בלויז דאָס אומענדלעכע, ווי אַ באַווייז פאַר דאָס פּערפעקטע (41).

אָט דער וויכוח ציט זיך ביז אונדזער צייט. מיר געפינען דעם זעלביקן פּראָבלעם ביי פיכטען, העגעלן, רענוּוויען און אַנדערע. בעת איינער האַלט אַז דער אין-סוף איז דאָס אמתע, ריכטיקע, רעאַלע און פּאָזיטיווע (העגעל), האָט אַן אַנדערער געהאַלטן אַז דער אין-סוף איז דאָס פאַלשע, אילוזאָרישע און איז ליידיק פון יעדער אינהאַלט (רענוּוויע), ווייל דער אין-סוף קען נישט קומען פון דער דערפאַרונג.

מיט גאַליליען און ניוטאָנען איז אויפגעקומען דער געדאַנק אַז סוף און אין-סוף זיינען ליידיקייטן. פּונקט ווי שטח און צייט, עקסיסטירן אומאָפּהענגיק פון די זאַכן און געשעענישן אַזוי עקסיסטירט אויך די אייביקייט. עס הייסט, אַז פּונקט ווי שטח עקסיסטירט אויך דעמאָלט ווען קיין זאַכן זיינען נישטאָ, פּונקט ווי צייט עקסיסטירט אויך דערמאָלט ווען קיין געשעענישן קומען נישט פאָר, אַזוי עקסיסטירט אויך די אייביקייט ווען קיין געשעענישן קומען נישט פאָר.

די אייביקייט איז די קאָסמישע בינע אויף וועלכער אַלע זאַכן און געשעענישן קומען פאָר. די זאַכן ווי די געשעענישן פאַרגייען אָבער די אייביקייט בלייבט.

ווי באַקאַנט האָט די רעלאַטיוויטעט-טעאָריע אין גאַנצן צעשטערט דעם באַגריף פון אַ ליידיקן שטח און פון ליידיקער צייט. איינשטיין האָט אַמאָל געזאָגט, האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט, אַז דער חילוק צווישן די פריערדיקע באַגריפן און דער רעלאַטיוויטעט-טעאָריע באַשטייט אין דעם וואָס פריער האָט מען געגלייבט אַז ווען אַלע זאַכן זאָלן פאַרשווינדן פון דעם אוניווערס וועט נאָך אַלץ בלייבן שטח און צייט, לפי דער רעלאַטיוויטעט-טעאָריע אָבער וועלן מיטן

(41) Rodolfo Mondolfo, *El Infinito en el Pensamiento de la Antigüedad Clásica*, Ediciones Iniau, 1952, pág. 24.

פאַרשווינדן פון די זאַכן אויך פאַרשווינדן דער שטח און צייט. מיר וועלן צוגעבן, אַז דערמיט וועט אויך פאַרשוווּנדן ווערן די אייביקייט, ווייל אָן זאַכן און געשעענישן קען נישט געדענקט ווערן קיין אייביקייט.

אוים געוווינהייט שטעלן מיר זיך פאָר אַז איידער אונדזער פּלאַנעטן-סיסטעם האָט זיך אויסגעפאָרמירט איז געווען אַן אייביקייט, אַזוי וועט אויך נאָך דעם ווי אונדזער פּלאַנעטן-סיסטעם וועט אויפגעלייזט ווערן זיין אַ אייביקייט. אין דער אמתן אָבער קענען מיר אַזוינע השערות נישט מאַכן. וועגן דעם וואָס מיר ווייסן נישט קענען מיר גאָר נישט זאָגן. אויב אונדזער וועלט וועט נישט זיין קענען מיר נישט וויסן וואָס נאָך דעם וועט זיין.

עס האָט בכן קיין זינען נישט צו ריידן וועגן אַן אַבסטראַקטער ליידיקער אייביקייט. ווען מיר ריידן פון אייביקע זאַכן דאַרפן מיר זאָגן פון וועלכע זאַכן. ווען מיר ריידן פון „אייביקע ווערטן" דאַרף מען פרעגן וועלכע ווערטן? פאַראַן ווערטן וואָס קומען אויף און פאַרגייען מיט איין תקופה אָדער מיט איין דור. דאָס זיינען די ווערטן וואָס האַלטן זיך בלויז אויף דער באַזע פון באַדינגונגען. קוים בייטן זיך די באַדינגונגען בייט זיך דער ווערט פון די ווערטן. דאָס וואָס איז געווען גוט פאַר איין דור אָדער תקופה איז שלעכט פאַר אַן אַנדער דור אָדער תקופה. דאָס אייגענע פאַרקערט.

ווען מיר ריידן פון „אַבסאָלוטע אייביקע ווערטן" מיינען מיר אַזאַ האַנדלונג וואָס טראָגט איר סיבה אין זיך גופא און וואָס קען געשאַצט ווערן ווי אָביעקטיוו. קאַנט האָט עס גערופן דער „אויטאָנאָמער ווילן"; דער ווילן קען אָבער נישט זיין אויטאָנאָם, ווייל ער ווערט שטענדיק באַשטימט פון באַגערן. מיר וואָלטן עס גערופן די אויטאָנאָמיע פון **סיבותדיקייט** און **באַדינגונגען**, די צוויי זיילן אויף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן די קלאַסישע מעכאַניציסטישע וויסנשאַפט. דער מעכאַניציזם, ווי באַקאַנט, האָט זיך באַזירט אויף דער הנחה אַז איין און די זעלביקע **סיבה** מוז ביי איין און די זעלביקע **באַדינגונגען**, ברענגען איין און דעם זעלביקן רעזולטאַט. במילא איז אויסגעקומען אַז יעדער זאַך אָדער דערשיינונג, האָט געמוזט האָבן איר גענויע סיבה און איר גענויעם באַדינג. אויך דער מאָראַלער באַוווּסטזיין איז דערפון נישט פריי געווען. דעריבער האָט מען מיט אַזוי פיל אייפער געזוכט דעם אָפּ-

שטאַם פון מאָראַל און דערפון, דער מיטאָס „באַדינגונגען" אונטער וועלכן יעדער מאָראַלער האַנדלונג מוז זיך אונטערוואַרפן.

די נייע וויסנשאַפט האָט אָבער אין גאַנצן געביטן דעם באַגריף פון סיבותדיקייט. אין דער פיזיק איז דאָס געווען די קוואַנטום-לערע, וואָס האָט דערוויזן אַז ס'איז נישטאָ קיין גראַדלינ יקע קאָנטינויִטעט, נאָר אַז עס זיינען פאַראַן „שפּרונגען". דאָס דרינגט אויך אַרויס פון הייזענבערגס אומדעטערמיניסטישן געזעץ. דער עיקר אָבער איז דאָס וואָס איינשטיין האָט דערוויזן, אַז אין דעם אוניווערס זיינען נית פאַראַן קיין גלייכצייטיקע געשעענישן, ווייל יעדער געשעעניש האָט איר ספּעציפישע צייט. פונקט ווי ס'איז נישט מעגלעך אַז צוויי אָביעקטן זאָלן פאַרנעמען דעם זעלבן אָרט, אַזוי איז נישט מעגלעך, אַז צוויי געשעענישן זאָלן פאָרקומען אין איין צייט. דעריבער דאַרף מען אָננעמען אַז ס'איז נישטאָ קיין זיכערער „פריִער" (סיבה) און קיין זיכערער „שפּעטער" (רעזולטאַט). אַלץ איז געווענדט אין דעם גראַד באַוועגונג וואָס עס מאַכט דער אָביעקט וואָס באַוועגט זיך און אין דעם גראַד באַוועגונג וואָס עס מאַכט דער אָבסערווירער וואָס מעסט די צייט. דערמיט אָבער האָט איינשטיין נישט געמיינט אַז אין דער פיזיק ווערט אין גאַנצן אָפּגעשאַפט דער פּרינציפּ פון סיבותדיקייט; ער האָט בלויז געהאַלטן אַז ער ווערט דאָרט שטאַרק באַגרענעצט.

אין דער פּסיכאָלאָגיע האָט די געשטאַלטן-לערע איבערגעריסן מיט דער שטרענגער סיבותדיקייט. ווייל דאָס גאַנצע (געשטאַלט) איז שטענדיק מער ווי דער סך-הכל פון עלעמענטן; די מעלאָדיע איז מער ווי דער סכום קלאַנגען. מיר הערן נישט די קלאַנגען נאָר די מעלאָדיע. אָט דער מער איז אין גאַנצן אַ נייע שאַפונג, וואָס געפינט זיך נישט אין די עלעמענטן. בכן קען מען נישט זאָגן אַז די עלעמענטן זיינען די סיבה און דאָס געשטאַלט (בילד) איז דער רעזולטאַט.

אין דער ביאָלאָגיע האָבן דעם קאַמף קעגן דער מעכאַניציסטישן צוגאַנג געפירט די אַזוי גערופענע וויטאַליסטן. די מעכאַניציסטישע ביאָלאָגיע איז אַרויס פון דער הנחה, אַז אין לעבן פון אַ פּראָטאָפּלאַזם קומט נישט פאָר קיין אַנדער וועזנטלעכער פּראָצעס ווי דאָס קומט פאָר אין דער אינערטער מאַטעריע. יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזם קען רעדוצירט ווערן אויף פיזיאָ-כעמישע פּראָצעסן. אַזוי למשל באַשטייט נישט דאָס אָטעמען בלויז אינעם אַריינעמען זויערשטאָף, נאָר אין

קאָמפּליצירטע כעמישע טראַנספאָרמאַציעס, וואָס מע געפינט אויך אין דער אומאָרגאַנישער מאַטעריע. דאָס לעבן האָט נישט בכן קיין שום געהיימעניש און עס נייטיקט זיך נישט אין קיין שום ספּעציעלער דערקלערונג.

קעגן אָט דער מעכאַניציסטישער ביאָלאָגיע איז דער ערשטער אַרויסגעטראָטן דער ביאָלאָג דזשאָן פאָן אועקסקיל (Uexkul, 1864 — 1944). ער הייבט אָן זיין ווערק **אידעען וועגן אַ ביאָלאָגישער קאָנצעפּציע פון דער וועלט** מיט אָט די ווערטער:

> מיר געפינען זיך ערב אַ וויסנשאַפטלעכן באַנקראָט וואָס זיינע קאָנסעקווענצן קענען מיר נאָך נישט באַרעכענען. מיר דאַרפן דעם דאַרוויניזם אויסמעקן פון צווישן די וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס (42).

דער עיקר וויל ער אָפּמעקן דאַרווינען פאַר זיין באַהויפּטונג אַז די נייע מינים קומען אַרויס פון די פריערדיקע מינים דורך אַ המשכדיקן איבערגאַנג, גלייך ווי אין דער נאַטור וואָלטן נישט פאָרגעקומען קיין שפּרונגען, ווי דאָס זאָגט זיך אין דעם לאַטיינישן שפּרוך: Natura non facit saltus. אועקסקיל האָט געהאַלטן פּונקט דעם היפּוך. דאָס לעבן איז אויטאָנאָם און איז אין גאַנצן אַנדערש פון דער אינערטער מאַטעריע. דאָס לעבן איז אָפּהענגיק פון זיך גופא. די אייגנשאַפטן וואָס מיר געפינען אין אַ באַשטימטן מין קען מען נישט אַריבערטראָגן אויף אַן אַנדער מין. אין דער וועלט פון אַ פליג געפינט מען אַזוינע אייגנשאַפטן וואָס געהערן בלויז צו דער וועלט פון פליגן. יעדער אָרגאַניזם איז אַ וועלט פאַר זיך. און דאָס לעבן קען נישט דערקלערט ווערן מיט די טערמינען פון פיזיק און כעמיע.

מער איבערצייגנדיק און אינטערעסאַנט איז די טעאָריע וועגן עמערגענטער עוואָלוציע וואָס ק. לאָיד מאָרגאַן (1852 — 1936) האָט אַנטוויקלט. עמערגענט מיינט דאָ אויפקום, אויפשטראָם. דאָס לעבן איז נישט קיין מעכאַנישע עוואָלוציע פון דער אינערטער מאַטעריע, נאָר איז אין גאַנצן אַ נייע דערשיינונג וואָס האָט אירע אייגענע געזעצן. מאָרגאַן טיילט איין דעם נאַטור־פּראָצעס אויף דריי „זעלבשטענדיקע צושטאַנדן". דער ערשטער אויפקום איז די אינערטע אומאָרגאַנישע מאַ־

(42) Jakob Von Uexküll, *Ideas para Una Concepción Biológica del Mundo,* Espasa-Calpe Argentina S. A. Buenos Aires - México, 1951, pág. 11.

טעריע. די צווייטע איז דאָס אָרגאַנישע לעבן, דאָס דריטע איז דער באַ־וווסטזיין אָדער גייסט. כאָטש איין צושטאַנד קומט אַרויס פון דעם אַנדערן האָט אָבער יעדער איינער פון זיי באַזונדערע אייגנשאַפטן.

לאַיד מאָרגאַן האָט עס אַזוי דעפינירט: „געשיכטלעך באַטראַכט שטעלט פאָר דער אָרדינירטער המשך, פון צייט צו צייט, עפּעס אַזוינס וואָס איז אויטענטיש נײַ. דאָס וואָס איך רוף דאָ **עמערגענטע עוואָלוציע** שטרייכט אונטער די דערשיינונג פון אָט דאָס נייע. דער אויפקום פון **לעבן** און פון דעם **גייסט**, ווי פון דעם **רעפלעקסיוון גערדאַנק** שטעלן פאָר די מער אַנזעעוודיקעביישפּילן".

פאַרשטייט זיך, אַז די ביאָלאָגן פּראָטעסטירן קעגן דעם. זיי האַלטן זיך בלויז בײַ דעם אויסגעפּרוּווטן באַווייז. דאָס וואָס קען געמאָסטן און געוווייגן ווערן. דאָס איבעריקע רופן זיי, מיט חוזק, מעטאַפיזיק. דער ביאָלאָג טאָמאַס ה. מאָרגאַן וויל אַפילו נישט דיסקוטירן וועגן דעם, ווייל דאָס טרעט אַריין, זאָגט ער, אין דער מעטאַפיזישער ספערע (43). אַן אַנדער ביאָלאָג, געאָרג ג. סימפּסאָן, וואָס איז נעענטער צו אונדזער תקופה, שרייבט:

> אין דער אמתן איז אַן אַבסורד צו גלייבן אַז ס'איז נישטאָ קיין וועזנטלעכער חילוק צווישן לעבן און דעם וואָס האָט נישט קיין לעבן (44).

פונדעסטוועגן האַלט אויך סימפּסאָן אַז מע קען דאָס לעבן נישט באַטראַכטן פאַר זעלבשטענדיק, גלייך ווי דאָס וואָלט געהאַט אַן איי־גענע סובסטאַנץ. דאָס לעבן, מיינט ער, איז אויך זיין שטייגער אונטער־געוואָרפן דעם אַלגעמיינעם עוואָלוציע־פּרינציפּ.

פון דעם אַלעמען איז קלאָר אַז דאָס לעבן איז פונדאַמענטאַל אַנ־דערש פון דער אינערטער מאַטעריע און אַז דעם מענטשנס באַוווסטזיין איז פונדאַמענטאַל אַנדערש פון דער פּסיכיק וואָס מע געפינט ביי דעם בעל־חי. פאַר אונדז איז אַלץ איינס ווי אַזוי מע וועט אָט דעם חילוק רופן „עמערגענט", אָדער „שפּרונג".

בקיצור, ווי יעדער אַנדער דערשיינונג אין דעם קאָסמאָס, הן אין דער אומאָרגאַנישער וועלט, הן אין דער אָרגאַנישער וועלט, האָט דער

(43) Thomas Hunt Morgan, *La Base Científica de la Evolución*, Espasa-Calpe Argentina S. A. Buenos Aires - México, 1943, pág. 279.
(44) George Gaylor Simpson, *El Sentido de la Evolución*..., pág. 33.

מענטש אין זיין היינטיקן קולטור־מצב, געמאַכט זיין אַריינגאַנג אין דער געשיכטע „פּלוצעם״, אַלץ איינס צי מע רופט עס „עמערגענט״ אָדער „שפּרונג״. וויכטיק איז דער פאַקט וואָס אין פּסיכישן אָדער גייסטיקן זינען איז ער היינט דער זעלביקער ווי ער איז עס געווען ביים אָנהייב פון זיין קולטור־אויפקום, ווי מע געפינט עס אין די ווערטן וואָס ער האָט געשאַפן. אַוודאי קענען מיר גענוי נישט באַשטימען ווען אָט דער „שפּרונג״ איז פאָרגעקומען. מיר קענען בלויז לערנען פון די פּאַרציי־טיקע דאָקומענטן וואָס זיינען געפונען געוואָרן. צום באַדויערן גרייכט דאָס געפונענע געשריבענע וואָרט בלויז ביז אַ פיר טויזנט יאָר. אויך דעמאָלט, פּונקט ווי היינט, ראַנגלט זיך דער אַבסאָלוטער ווערט, וואָס איז אייביק, מיט די רעלאַטיווע ווערטן וואָס פאַרגייען.

ס׳איז בכן פאַראַן אַן **אַבסאָלוטער אורטייל** וועגן דעם וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט און אַז יעדער איינער האָט די מעגלעכקייט עס צו קענען. אָט דער אַבסאָלוטער אורטייל איז אויפגעקומען מיטן היינטיקן ציוויליזירטן מענטשן און ער געפינט זיך אומעטום און אין אַלע צייטן. נישט דער מאָראַלער באַוווּסטזיין בייט זיך, נאָר עס בייטן זיך די מאָראַלע סיסטעמען, וועלכע באַזירן זיך אויף געוווינהייטן און קאָנווענציאָנאַליזמען. אַבסאָלוט איז בכן דער מאָראַלער באַוווּסטזיין, רעלאַטיוו איז דער מאָראַלער סיסטעם. אַזוי, למשל, האָבן זיך פאַר די לעצטע פיר טויזנט יאָר געביטן די מאָראַלע סיסטעמען (געוווינהייטן), עס האָט זיך אָבער נישט געביטן דער מאָראַלער שולד־באַוווּסטזיין פאַר באַגאַנגענע זינד.

פאַר אַ ביישפּיל וועלן מיר דאָ ברענגען דעם 25סטן קאַפּיטל פון דעם עגיפּטישן ספר **בוך פון די טויטע**, וואָס מע פלעגט מיטגעבן יעדן טויטן אין קבר. מען האָט געגלייבט אין אַ בית־דין של מעלה, פאַר וועמען מע וועט דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון. משפּטן וועט דער גאָט פון די טויטע וואָס האָט געהייסן אָסירים, ער וועט הערן באַגלייט פון 42 געטער, וועלכע פאַרטרעטן די 42 עגיפּטישע פּראָווינצן. מיר וועלן ברענגען פון דעם קאַפּיטל בלויז דאָס וואָס ווערט דאָרט באַטראַכט ווי מעשים־טובים און וועלכע זיינען אויך היינט אַבסאָלוט גילטיק. דאָס זיינען (דער קורסיוו פון די ווערטער איז אונדזערער):

...איך בין געקומען צו דיר מיט אויפריכטיקייט. איך האָב דיר געבראַכט דעם אמת... איך האָב נישט געבראַכט קיין שאָדן מענטשן...

איך האב נישט אונטערגעדריקט מיין משפחה. איך האב נישט געטאן קיין שלעכטס אנשטאט גוטס. איך האב זיך נישט געחברט מיט אומ־ווערדיקע מענטשן. איך האב זיך נישט איבערגענומען אז איך בין א צדיק גמור. איך האב נישט אנטוישט קיין מענטשן בעת א נויט. איך האב נישט דערלאזט אז א מענטש זאל הונגערן. איך האב קיינעם נישט געמאכט וויינען. איך האב נישט געהרגעט. איך האב נישט געגנבעט. איך האב נישט געפעלשט קיין וואג וכדומה.

מיט אנדערע ווערטער מיינט עס, אז שוין דעמאלט האט מען בא־טראכט פאר א זינד,ווען מען איז נישט אויפריכטיק, ווען מע זאגט נישט דעם אמת, ווען מען ברענגט שאדן מענטשן, ווען מען טוט שלעכטס אנשטאט גוטס, ווען מע חברט זיך מיט אומווערדיקע מענטשן, ווען מע איז א בעל־גאווה, ווען מע אנטוישט יענעם, ווען מע לאזט עמעצן הונגערן, ווען מע מאכט עמעצן וויינען, ווען מע הרגעט, ווען מע גנבעט, ווען מע פעלשט וכדומה. אלע אזוינע זינד וואס קענען קיין מאל נישט זיין רעלאטיוו, נאר שטעלן פאר אייביקע און אבסאלוטע מאראלע ווערטן.

זאל אונדז דא אויך דינען ווי א ביישפיל דער 15טער קאפיטל תהילים, ווו עס זאגט זיך:

גאט, ווער קען וווינען אין דיין געצעלט?<br>
ווען קען רוען אויף דיין הייליקן בארג?<br>
און רעדט אמת אין זיין הארצן;<br>
דער וואס גייט ערלעך און טוט גערעכטיקייט,<br>
נישט געטראגן קיין רכילות אויף זיין צונג,<br>
נישט געטאן קיין חבר קיין שלעכטס,<br>
און נישט פארליטן קיין שאנד אויף זיין נאענטן;<br>
זיין געלט האט ער נישט געגעבן אויף צינזן,<br>
און שוחד קעגן אן אומשולדיקן נישט גענומען.

עס הייסט, אז שוין דעמאלט האט מען באטראכט, פונקט ווי איצ־טער, פאר א טוגנט דאס זיין ערלעך, טאן גערעכטיקייט, זאגן דעם אמת, נישט ריידן קיין רכילות, נישט טאן קיין שלעכטס, נישט פאר־טראגן דעם חברס שאנד, נישט געבן קיין געלט אויף פראצענט (אדער נישט לעבן פון פראצענט) און נישט נעמען קיין שוחד קעגן א אומ־שולדיקן.

אוודאי ווייסן מיר אז אלץ וואס עס געפינט זיך אין קאסמאס מוז

פאַרגיין אָדער זיך טראַנספאָרמירן. דאָס מיינט אָבער נישט אַז אין די אָרגאַניזמען קומען נישט פאָר קיין פּערמאַנענטע פּראָצעסן, וועלכע זיי־נען פון זייער אויפקום אָן ביז זייער אונטערגאַנג די זעלביקע, בכן אייביקע. ווייל אויב דער באַגריף **אייביקייט** האָט אַ זינען קען ער נישט פאַרשטאַנען ווערן ווי עפּעס אַ ליידיקייט, וואָס קען עקסיסטירן ווען אפילו קיין שום זאַך וועט מער נישט עקסיסטירן. מע קען נישט זאָגן אַז אייביק וועט זיין די אייביקייט, נאָר אַז אייביק איז דער לעבנס־גאַנג פון געוויסע מינים, ווי למשל, ביימער, בינען, העלפאַנטן און מענטשן. כל־זמן אָט די מינים אָדער אָרגאַניזמען געפינען זיך אין קאָס־מאָס זיינען זיי אייביק, ווייל זייערע גרונט־אייגנשאַפטן זיינען אייביקע. מיטן פאַרשווינדן פון אָט די מינים פאַרשווינדט אויך זייער אייביקייט. קיין אַנדער אייביקייט איז פאַר זיי נישטאָ. דאָס אייגענע איז אויך מיט די גרונט־ווערטן וואָס דער מענטשלעכער מין שאַפט און שעצט. אויב זיי דריקן אויס די צוויי אומבאַדינגטע באַדערפענישן פון דעם מענטש־לעכן מין ווי **באַוווסטזיין און אחריות** דעמאָלט זיינען זיי אייביק, אויף ווי לאַנג דער מענטשלעכער מין וועט זיין אייביק.

## 11. די יסודות פון די אָביעקטיווע מאָראַלע ווערטן

דאָס פּראָבלעם איז: קען יעדער איינער באַשטימען וואָס אַזוינס עס דאַרף זיין דאָס גוטע און גערעכטע אָדער מוז ער זיך אונטערוואַרפן אונטער דעם וואָס ווערט פון אייביק אָן אָנגענומען וואָס ס׳איז גוט און גערעכט? פון דער דערפאַרונג ווייסן מיר אַז ווען צוויי מענטשן דיסקוטירן וועגן דעם ווער ס׳איז דער גערעכטער צד מוזן זיי נישט ווילנדיק אַפּעלירן צו אַ נישט געזעענעם דריטן צד, וועלכער דאַרף פאַר זיי פאָרשטעלן די אָביעקטיווע אידעע פון גערעכטיקייט. זאָל עמעצער ביי זיי צונעמען דעם „דריטן צד”. עס הייסט, דעם אָביעקטיוון מאָראַלן געזעץ וועט די עצם דיסקוסיע אויפהערן, ווייל די עצם גערעכטיקייט וועט אויפהערן צו זיין.

דער קוריאָז איז וואָס אַלע רעלאַטיוויסטן האַלטן, אַז אַלעמענס מאָראַלע באַגריפן זיינען רעלאַטיווע, נאָר זייערע מאָראַלע באַגריפן זיינען אַבסאָלוטע. מאַקס שעלער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אויף דעם אָנגעוויזן (45). אמת, דער רעלאַטיוויסט דערקלערט עס דערמיט וואָס זיינע מאָראַלע באַגריפן וואַקסן אַרויס פון די אָביעקטיווע סאָציאַל-עקאָנאָמישע לעבנס-נויטן, בכן, מוזן זיי נויטווענדיקערווייז זיין אַבסאָלוטע. ווייל זיי פאָלגן אוים דעם געזעץ פון סיבה און פועל-יוצא. עס הייסט, וואָס פאַר אַ עקאָנאָמיק אָדער פּראָדוקציע-מיטלען, אַזאַ מאָראַל.

די לעבנס-באַדינגונגען שאַפן אָבער בלויז די מאָראַלע סיסטעמען, זיי שאַפן אָבער נישט דעם עצם מאָראַלן געזעץ. ווען דאָס וואָלט געווען אַנדערש, וואָלט דער עצם מענטש אַנולירט געוואָרן. ער וואָלט פאַר-

---

(45) Max Scheler, *El Resentimiento en la Moral*, Espasa-Calpe Argentina S. A. Buenos Aires - México, 1938, pág. 77.

לוירן דאָס וויכטיקסטע, די פרייהייט אָדער פרייען ווילן, מיט וואָס ער טיילט זיך אויס פון די איבעריקע באַשעפענישן, ווייל דעם מענטשנס אַנדערשקייט און ווערזנטלעכקייט באַשטייט אין דעם וואָס, בעת אַלע באַשעפענישן אַדאַפּטירן זיך און וואַרפן זיך אונטער דער סביבה, איז דער מענטש דער איינציקער וואָס האָט דעם באַרוף זיך ניט צו אַדאַפּ־טירן אָדער אונטערצוּוואַרפן דער סביבה. ווייל דער מענטש איז דער איינציקער צווישן אַלע באַשעפענישן וואָס רעאַגירט נישט דירעקט און ספּאָנטאַן אויף אַן אָנרעגונג, נאָר ער טוט עס דורך אַ קאָמפּליצירטן מענטאַלן פּראָצעס. ערנסט קאַסירער האָט עס גערופן **סימבאָלן**. עס הייסט, אַז דער מענטש רעאַגירט בכלל נישט, נאָר ער נעמט אַ שטע־לונג צו די סטימולן אָדער סיטואַציעס.

יִדן ווייסן מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער אַז זייער מאָראַלער באַ־וווּסטזיין איז נישט אַרויסגעוואַקסן פון באַדינגונגען. זיי האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער געלעבט אין איינגעשלאָסענע געטאָס און ביי אַ גע־דריקטן פּאָליטיש־עקאָנאָמישן צושטאַנד. דאָך איז זייער מאָראַלער באַ־וווּסטזיין נישט געווען נידעריקער ווי די וועלכע האָבן געלעבט מחוץ די געטאָס. פאַרקערט, דער באַוווּסטזיין וועגן דער אייביקייט פון זייע־רע מאָראַלע באַגריפן האָט זיי דערהאַלטן ביים לעבן און זיי געהאָלפן אַריבערלעבן אַלע צרות.

מע מוז בכן אָננעמען, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ מאָראַלער גע־זעץ וואָס געפינט זיך מחוץ דעם מענטשנס ווילן. ווייל אויף צו דערווייסן זיך וואָס אַזוינס ס'איז גוט מוזן מיר פריִער שוין האָבן אַ באַגריף וואָס גוט איז און אויף צו דערווייסן זיך וואָס אַזוינס ס'איז שלעכט מוזן מיר פריִער האָבן אַ באַגריף וואָס שלעכט איז. עס הייסט, אַז איידער מיר גייען עפּעס וועגן און מעסטן, מוזן מיר פריִער האָבן אַ וואָג און אַ מאָס. מיר גופא קענען אָבער נישט זיין די וועלכע באַשטי־מען די וואָג און די מאָס און אויך די וועלכע אורטיילן וועגן דעם צי זי איז אַ ריכטיקע אָדער אַ פאַלשע. דערמיט דערקלערט זיך וואָס אַלע טעאָרעטיקערס פון מאָראַל, אָן אויסנאַם, האָבן נישט געקענט אַרויס־ברענגען אַזאַ דעפיניציע וועגן גוטס און שלעכטס וואָס זאָל פון אַלעמען קענען אָנגענומען ווערן ווי אַ נאַטור־געזעץ. ווייל אין לעצטן סך־הכל קען קיין שום מאָראַלער געבאָט אָדער אימפּעראַטיוו לאָגיש נישט באַ־גרינדעט ווערן. אַפילו דער שטאַרקסטער געבאָט, „לא תרצח" (זאָלסט

נישט הרגענען) דריקט נישט אויס, נישט קיין אמת און נישט קיין פֿאַלש־קייט, נאָר ער דריקט אויס אַ באַגער אויסצופירן דאָס העכסטע געבאָט פון לעבן: נישטאָ, בכן, קיין מעגלעכקייט צו דערווייזן אַז דער מאָראַ־לער געזעץ האָט אַן אַנדער שורש ווי אַ באַגער צו דערגרייכן שלמות.

דאָס פּראָבלעם איז: האָבן די זאַכן אַ ווערט ווייל מיר באַגערן זיי אָדער באַגערן מיר זיי ווייל זיי האָבן אַ ווערט? ווען מיר שאַצן דעם ווערט פון אַ בילד, דעם ווערט פון אַ מענטשלעכער האַנדלונג, ווו גע־פינט זיך דער ווערט אין דעם בילד, אין דער האַנדלונג, אָדער אין אונדז? אויף אָט דער פראַגע נעמט זיך אונטער צו געפינען אַ ענטפער דער לימוד פון ווערטן (Axiología) וואָס איז אויפגעקומען לערך מיט הונדערט יאָר צוריק.

די ערשטע וואָס האָבן געפּרוּווט אויסטייטשן דעם באַטייט פון ווערט זיינען געווען די עקאָנאָמיסטן. זיי האָבן געטייטשט אַז אַ זאַך האָט אַ ווערט צוליב דער נוצלעכקייט וואָס מע קען פון איר האָבן, צוליב דעם סכום אַרבעט וואָס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן אויף צו פּראָדו־צירן זי און צוליב דעם אויסטויש אויף אַנדערע פּראָדוקטן וואָס מע קען דורך דער זאַך באַקומען. די קריטיק אויף אָט די טעאָריעס האָט אָנגע־וויזן אַז ביי גייסטיקע ווערטן, ווי גוטסקייט, שיינקייט און אמת קען נישט גילטן די מאָס פאַר ווערטן נישט דאָס נוצלעכע, נישט דער סכום אַרבעט און נישט דער אויסטויש אויף אַנדערע פּראָדוקטן. דער פּרייז וואָס די עקאָנאָמיסטן באַשטימען פאַר די ווערטן קען נישט חל זיין אויף אַזוינע אָביעקטן וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע חשיבות, ווי דאָס איז ,למשל, דאָס מענטשלעכע לעבן, וואָס הגם עס האָט נישט קיין פּרייז, מיינט עס אָבער נישט אַז עס האָט נישט קיין ווערט. די עקאָנאָ־מישע אינטערפּרעטאַציע פון דעם ווערט איז בכן אין גאַנצן אַרויסגע־נומען געוואָרן פון דער פילאָסאָפישער ספערע. מיט דעם גיט זיך היינט אָפּ די סאָציאָלאָגיע און די פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אַנדערש איז אָבער מיט דער פּסיכאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע פון דעם ווערט. ביז היינט איז נאָך וועגן דעם נישט געפונען געוואָרן אַזאַ גענויע דעפיניציע וואָס זאָל קאָנען אָנגענומען ווערן פון אַלע דענקערס. דער באַגריף ווערט גע־פינט זיך דעריבער נאָך אַלץ אין דער ספערע פונעם ספּעקולאַטיוון דענקען.

די באַזע אויף צו קענען פאַרשן דעם כאַראַקטער פון די ווערטן

האָט געגעבן פראַנץ ברענטאַנאָ (1838—1917). ער האָט געלערנט אַז אין יעדער אורטייל, געפיל, דערקענונג אָדער פערצעפּציע איז פאַראַן אַ העכערער אימפּולס אָדער אינטענץ וואָס באַשטימט זייער ווערט. אַזוי, נעמען מיר נישט אויף קיין קלאַנגען נאָר די מעלאָדיע, נישט קיין קאָלירן נאָר דאָס גאַנצע בילד. וואָס דאָס מיינט, אַז איידער מיר דערקענען די זאַכן גיבן מיר שוין פאָר זיי זייער ווערט. די ווערטן געפינען זיך נישט אין די אָביעקטן, נאָר אין די אינטענציאָנעלע שייכותן וואָס מיר האָבן צו די אָביעקטן. דאָס וואָרט אינטענציאָנעל מיינט דאָ נישט קיין כוונה אָדער פניה, נאָר עס ווערט געבראַכט אין זינען פון אַ ריכטונג אָדער אַ ווענדונג (באַציִונג) צו עפּעס. אין אָט דער „אינטענציאָנעלער באַציִונג" געפינט זיך דער תמצית פון יעדער געדאַנק ווי פון יעדן ווערט.

ברענטאַנאָס אידעען האָבן געהאַט אַ טיפע השפּעה אויף דאָס רוב דענקערס וואָס זיינען אויפגעקומען ביים אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט. אויפן ערשטן פּלאַץ איז געווען א. מיינאָנג (געבוירן אין לעמבערג 1853 און געשטאָרבן 1920). ער איז באַרימט געוואָרן דורך זיין אָריגינעלער טעאָריע פון אָביעקטן. אונטער אָביעקט פאַרשטייט ער אַלץ וואָס קען דערגרייכט ווערן דורכן דעסקריפּטיוון און אינטענציאָנעלן דענקען. אַן אָביעקט איז יעדער זאַך פון וואָס עס קען געדענקט ווערן. אַלץ איינס צי דאָס איז אַ רעאַליטעט אָדער אַ דימיון. דער עיקר איז די שייכות וואָס מיר האָבן צו די אָביעקטן. דער ווערט פון די אָביעקטן באַשטייט אין אונדזער באַציִונג צו זיי. אַזאַ צוגאַנג פירט אוּמפאַרמיידלעך צו דער רעלאַטיוויטעט פון די ווערטן. ערשטנס זיינען די ווערטן אָפּהענגיק פון דעם אויף ווי ווייט זיי ווירקן אויף אונדז, צווייטנס אויף ווי ווייט מיר דערקענען זיי. אַלץ איז בכן געווענדט פון יעדן איינעמס פעִיקייט צו אורטיילן. אַ ווערט האָט אַלץ וואָס אונדז **געפעלט.**

מיינאָנגס נאָענטסטער מיטאַרבעטער איז געווען קריסטיאַן עהרענפעלס (1859—1932). ער האָט אין דער פּסיכאָלאָגיע פאַרטיידיקט דעם טעזיס אַז מיר נעמען נישט אויף די עלעמענטן, ווי דאָס האָבן געוואָלט די אַסאָציאַציסטן, נאָר מיר נעמען אויף די טאָטאַליטעט פון די אָביעקטן. אַזאַ פּראָצעס קומט פאָר אַ דאַנק די „פאָרמען-קוואַליטעטן" וואָס קומען אויף צוזאַמען מיט דער איינהייטלעכער פאָרמירונג פון די אָביעקטן. די ווערטן האָבן נישט קיין אָביעקטיווע רעאַליטעט. די ווערטן קומען אויף

אַ דאַנק דעם באַגער וואָס מע האָט ביים וועלן באַהערשן די זאַכן. באַגער מיינט דאָ נישט בלויז פאַרלאַנג אָדער ווילן, נאָר די עצם פאַרשטעלונג וואָס מיר האָבן פון די אָביעקטן. די שאַצונג קומט שוין מיטן עצם באַגריף אָדער דימיון וואָס מיר האָבן פון די אָביעקטן. דער גראַד נוצלעכקייט פון אַ אָביעקט איז די מאָס אין דער שאַצונג פון די ווערטן. דער פאַרנעם פון יעדן ווערט איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אינטענסיוויטעט פון דעם באַגער. דאָס מיינט, אַז די ווערטן געפינען זיך אין דער סובּיעקטיוויטעט פון יעדן איינעמס דראַנג צו באַזיצן דעם אָביעקט.

צווישן די וועלכע האָבן נעגירט די אָביעקטיוויטעט פון די ווערטן געפינט זיך ר. מוללער־פרייענפעלס (1882—1949). ער האָט געהאַלטן אַז דער באַגער אויף וועלכן עהרענפעלס האָט געבויט דעם ווערט, האָט בלויז אַ פּסיכישע באַגרינדונג, ער שטעלט אָבער נישט פאָר די עצם באַוווערטיקונג פון די זאַכן. ביי יעדער ווערט איז פאַראַן אַ סוביעקט וואָס שאַצט און אַן אָביעקט וואָס ווערט געשאַצט. דער עיקר אָבער איז דער אַקט פון **אַריינגעבן דעם ווערט**. דאָס מיינט נעמען אַ שטעלונג לגבי די אייגענע עמאָציעס, וואָס דריקט זיך אויס אינעם אָננעמען עפּעס אָדער אָפּוואַרפן; אינעם געבן עפּעס פּרעפערענץ אָדער נישט געבן. צוליב די זעלבע סיבות קען אויך נישט אָנגענומען ווערן די הנחה, אַז תענוג איז דער יסוד פון דעם ווערט. ווי יעדער עמאָציע קען אויך תענוג נישט גענומען ווערן ווי דער יסוד פאַר די ווערטן. דאָס געבן אַ ווערט קען זיין אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון יעדער שאַצונג אָדער באַגער, ווי דאָס קומט, למשל, פאַר מיט די עטישע און רעליגיעזע ווערטן, וואָס ווערן אָנגענומען און אָנערקענט כאָטש מע שאַצט זיי נישט.

מוללער־פרייענפעלס פאַרטיידיקט נישט בלויז דעם סוביעקטיוויזם בכלל, נאָר דעם „מאָמענטאַלן סוביעקטיוויזם". מחמת, ס'איז נישט פאַראַן קיין איינהייטלעכער איך וואָס שאַצט אַלע מאָל מיטן זעלבן קריטעריום, נאָר עס זיינען פאַראַן בלויז צייטווייליקע שאַצונגען. דער איינהייטלעכער סוביעקט (איך) צווינגט אויף זיך אַרויף די טראַדיציאָנעלע ווערטן וועלכע דריקן אונטער די מאָמענטאַלע עמאָציעס. דאָס פּירט צו דעם אַז דער „איך" (אינדיווויד) זאָל זיין אַ נוצלעכע פיקציע וואָס דערמעגלעכט אויפצונעמען די אַלגעמיינע ווערטן. כאָטש די ווערטן זיינען נישט קיין אַבסאָלוטע מוז מען זיי דאָך אויפנעמען גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אַבסאָלוטע. דער ציל פון דער פילאָסאָפיע איז צו דער־

ווייזן די רעלאַטיוויטעט (איינזייטיקייט) פון די ווערטן וועלכע די טראַ־דיציע גיט אונדז איבער ווי אַבסאָלוטע. די פילאָסאָפיע דאַרף העלפן דערקענען די ריינע סוביעקטיוויטעט, וואָס דאָס מיינט די ריינע רעאַ־ליטעט.

קעגן דער איינזייטיקייט (רעלאַטיוויטעט) פון די ווערטן האָט זיך איינגעשטעלט ווילהעלם ווינדעלבאַנד (1848—1915). ער האָט די קול־טור־וויסנשאַפט באַטראַכט פאַר אַזוי פּרעציז ווי די נאַטור־וויסנשאַפט. ווייל אין דער קולטור האָט ער געזען דאָס מענטשלעכע לעבן אין איר גאַנצער טאָטאַליטעט, און דאָס פּירט נויטיקערווייז צו דער ממשלה פון אַזוינע ווערטן וואָס אין זיי איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר רעלאַטיוויזם. אַ דאַנק די ווערטן קענען די וויסנשאַפטן, פון וועלכער ספערע זיי זאָלן נישט זיין, זיין אַבסאָלוטע און מחוץ צייט. וואָס דאָס מיינט אַז די ווערטן מאַכן מעגלעך אַז די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען זאָלן קענען זיין אַבסאָלוט גילטיק. נאָך מער, אין די ווערטן ווערן אויפגעלייזט אַלע אורטיילן, ווי למשל, דער אורטייל פון אמת. אַזוי, איז אויך די נאַטור־וויסנשאַפט אונטערגעוואָרפן דער אייבערהערשאַפט פון ווערטן. די ממשלה פון דעם וואָס דאַרף זיין איז דער ציל פון דער פילאָסאָפיע און איז אויך דער יסוד פון יעדער וועלט־אַנשויונג. זי מוז אויך זיין די ממשלה פון דאָס אַבסאָלוטע.

ווינדעלבאַנדס נאָענטסטער מיטאַרבעטער איז געווען היינריק רי־קערט (1863—1936). ער האָט געהאַלטן אַז די ווערטן זיינען עפּעס אַזוינס וואָס האָבן נישט קיין זיין, נאָר זיינען גילטיק. אין אָט דער גיל־טיקייט קען געפינען אַ באַגרינדונג די קולטור־וויסנשאַפט, דורך וואָס מען קען אויך אויסמיידן דעם היסטאָרישן רעלאַטיוויזם. די אַבסאָלוטע גילטיקייט פון די ווערטן פירט צו דעם אַז די קולטור־וויסנשאַפט זאָל זיך געפינען אויף דער זעלביקער מדרגה וואָס די נאַטור־וויסנשאַפט. אינטערעסאַנט איז דער חילוק וואָס ריקערט מאַכט צווישן קולטור און נאַטור. די ווערטן זיינען די איינציקע באַזע אויף וועלכער עס האַלט זיך יעדער קולטור. אין די קולטור־אָביעקטן (קונסט־ווערק) געפינען זיך די ווערטן: מיטן מאָמענט וואָס זיי פאַרלירן זייער ווערט ווערן זיי רעדו־צירט צו בלויזער נאַטור. אַזוי אַז די נאַטור־פּראָצעסן האָבן נישט קיין ווערט אין זיך, דעם ווערט באַקומען זיי דורך די קולטור־פּראָצעסן.

צו ווינדעלבאַנדן און ריקערטן דאַרף צוגערעכנט ווערן עמיל לאַסק

(1915—1875). לויט אים באַשטייט דער ווערט אין דער ריכטונג (היג־געלטן) דורך וועלכער מיר ווילן עפּעס אויפנעמען. דאָס איז אַ מין פייל וואָס דעקט אויף דעם זינען פון די זאַכן. בעסער געזאָגט, דאָס איז, ווי הוסערל רופט עס, דער שטראַל ליכט דורך וועלכן מיר דערקענען די זאַכן. יעדער דערקענטעניש איז אַ רעזולטאַט פון שאַצונג און באַווער־טיקונג. אַזוי, פאַרוואַנדלט זיך יעדער זיין אין אַ ווערט. דער שורש פון די ווערטן געפינט ע. לאַסק אין די איראַציאָנעלע אורפאָרמען, וואָס זייערע היעראַרכישע קאַטעגאָריעס שטעלט ער איין.

אַ טיפן רושם האָט אין דער פילאָסאָפישער וועלט געמאַכט מאַקס שעלער (1928—1874) מיט זיין טעאָריע וועגן ווערטן, דורך וועלכער ער האָט געפּרוּווט איבערשטייגן קאַנטס פאָרמאַליסטישע עטיק. קאַנט האָט די עטישע ווערטן, ווי גוט־שלעכט, באַטראַכט פאַר אומאָפּהענגיק פון וועלכן ס'איז מאַטעריעלן ווערט. ווייל דער מאָראַלישער ווערט פון אַ האַנדלונג באַשטייט נישט אין דעם עצם אַקט, נאָר אינעם אויספאָלגן אַן אימפעראַטיוו. דאָס הייסט אַזאַ האַנדלונג וואָס איז נישט אויסן די גוטסקייט, גערעכטיקייט אָדער נוצלעכקייט פון דעם טאַט, נאָר איז אויסן די ריינקייט פון אַ פּרינציפּ. קאַנטס דעפיניציע איז:

> טו אַזוי גלייך ווי דו זאָלסט נוצן די מענטשהייט, אין דיין פּער־זאָן ווי אין אַ וועלכער ס'איז אַנדער פּערזאָן, שטענדיק ווי אַ ציל און קיין מאָל נישט בלויז ווי אַ מיטל.

דאָס מיינט, אויב איך טו עמעצן אַ טובה דאַרף איך עס נישט טאָן צוליב דעם עמעצן, ווייל ער איז מיר סימפּאַטיש און איך וויל אים העלפן, נאָר דערפאַר ווייל דער מאָראַלער געזעץ וואָס זיצט אין מיר, באַפעלט מיר אויסצופירן אַ פּרינציפּ. ווייל ווען איך זאָל טאָן גוטס צוליב סימ־פּאַטיע אָדער אינטערעס וועט מיין האַנדלונג נישט האָבן קיין ריינעם עטישן ווערט. די מאָראַלע ווערטן קענען, הייסט עס, זיין בלויז פאָר־מעלע, דאָס הייסט אַפּריאָרישע.

מאַקס שעלער האָט אויסגעפונען אַז נישט בלויז די פאָרמעלע שכל־דיקע האַנדלונגען קענען זיין אַפּריאָריש, נאָר אַז אויך די מאַטעריעלע עמאָטיווע (סימפּאַטיע, אינטערעס) האַנדלונגען קענען זיין אַפּריאָריש. אַזוי, אַז אַפילו ליבע און האַס זיינען פון אַפּריאָרישן אינהאַלט. שעלער דערקלערט עס דערמיט וואָס דער באַוווּסטזיין וואָס מיר האָבן פון אַ

ווערט איז פריִער ווי דער באַוווּסטזיין פונעם געזעץ וואָס דאַרף אים דעפינירן. דעריבער קען מען זאָגן אַז דער באַוווּסטזיין פון די ווערטן איז אַ מאַטעריעלער און גלייכצייטיק אַן אָביעקטיווער. מאַטעריעל איז אַ עטישער ווערט דערמיט וואָס ער איז שטענדיק באַגרענעצט אויף אַ געוויסן אָביעקט (אַ געוויסן טאַט), אָביעקטיוו איז ער דערמיט וואָס ער געפינט זיך אין די אורטיילן (באַוווּסטזיין) און נישט אין די זאַכן. עס הייסט, אַז עס זיינען מעגלעך מאַטעריעלע ווערטן וואָס זייער מהות איז אַן אַפּריאָרישער. דערמיט האָט שעלער געמיינט אַז ער האָט אָפּ-געלייקנט און איבערגעשטיגן קאַנטן.

מ. שעלער האָט באַטראַכט די ווערטן ווי מאַטעריעלע קוואַליטעטן וואָס געפינען זיך אין אַ מאָניסטישן אַבסאָלוטן סדר. זייער וועזנטלעכ-קייט איז נישט קיין ראַציאָנאַלע. זיי זיינען אַלאָגיש און נישט רעדו-צירלעך אויף עפּעס. די ווערטן זיינען קוואַליטעטן און נישט קיין שייכותן. אַ קינד פילט די גוטסקייט פון זיין מאַמען, כאָטש עס פאַר-שטייט נישט די אידעע פון גוטס. די ווערטן זיינען דעריבער פאַקטן וואָס קומען פון אַ **מאַטעריעלער אינטויִציע**. ווען מיר נעמען אויף די שיינקייט פון אַ בילד נעמען מיר נישט אויף, ווי אַנדערע מיינען, אונ-דזער געפיל, נאָר מיר נעמען אויף די מאַטעריע פון דעם ווערט וואָס עס געפינט זיך אין דעם בילד. דאָס הייסט, אַז די ווערטן האָבן ממש אַ פיזישע געשטאַלט.

לויט שעלערן ווערן די ווערטן געגעבן דורך דעם **ריינעם געפיל**. דאָך ווערט די היעראַרכישע איינשטעלונג פון די ווערטן געמאַכט פון אַן אַנדער עמאָטיוון עלעמענט, וואָס קען גערופן ווערן דער אַקט פון פּרעפערענץ און דער אַקט פון ווידערווילן. דורך דעם אינטויִטיוון אַקט פון פּרעפערענץ ווערט באַשטימט וועלכער ווערט איז אַ העכערער און וועלכער אַ נידעריקערער. די סקאַלע פון ווערטן קען נישט געביטן ווערן. דאָס העכערע מוז שטענדיק בלייבן העכער און דאָס נידעריקע נידעריקער. פיר מינים ווערטן זיינען פאַראַן.

1) די נידעריקערע מדרגה פון ווערטן באַשטייט פון דעם ריינעם געפיל וואָס מיר האָבן ביים אויפנעמען דאָס איינגענעמע און דאָס אָפּ-שטויסנדיקע: ביים פילן פרייד און ווייטיק. אָט דער מין ווערט איז אייגן נישט בלויז דעם מענטשן, נאָר אויך דעם בעל־חי. דאָך זיינען אָט די ווערטן אַפּריאָרישע, ווייל זיי געפינען זיך מחוץ צייט און זיינען

אוניווערסאַל גילטיק. דאָס איינגענעמע ווערט שטענדיק און אומעטום פּרעפערירט איבער דאָס אַפּשטויסנדיקע.

2) די **וויטאַלע ווערטן**, וועלכע דריקן אוים דעם צושטאַנד געזונט אָדער קראַנק, אַלט אָדער יונג, צוטרוי אָדער שרעק וכדומה. אָט די ווערטן קענען נישט רעדוצירט ווערן צו קיין שום אַבסטראַקציע. אויך זיי געפינען זיך מחוץ צייט.

3) די **גייסטיקע ווערטן** וואָס באַשטייען אינעם פּרעפערירן: א) דאָס שיינע איידער דאָס מיאוסע, ב) דאָס גערעכטע איידער דאָס אומגערעכטע, ג) דאָס אמתע איידער דאָס פאַלשע. אויף דעם באָדן פון אָט די גייסטיקע ווערטן קומט אויף די מענטשלעכע קולטור. אַהער געהערן אויך די ווערטן פון פרייד און טרויער, פון לויב און קריטיק. אויך אָט די ווערטן געפינען זיך מחוץ צייט, ווייל שטענדיק וועט דער ווערט פון שיינקייט און גערעכטיקייט פּרעפערירט ווערן איבער מיאוסקייט און אומרעכט.

4) די ווערטן פון דאָס **הייליקע** און פון דאָס **פּראָפאַנע**, וואָס געפינען זייער אויסדרוק אין די געפילן פון ליבע און האַס, וואָס איז געבונדן מיט דאָס געטלעכע וועלכע מיר דערקענען ווי אַ אומענדלעכן גייסט. צו אָט די ווערטן געהערט דער גלויבן און דער אומגלויבן, רחמנות און אומרחמנות, חרטה און זינד. אָט די ווערטן געפינען זיך אויך מחוץ צייט, ווייל שטענדיק און אומעטום וועט מען פּרעפערירן דאָס הייליקע איבער דאָס פּראָפאַנע.

די רעליגיעזע ווערטן זיינען די העכסטע לויט וועלכע עס ווערן באַשטימט אַלע אַנדערע ווערטן. דערמיט האָט שעלער אַנולירט די אָנשטרענגונג וואָס אַלע הומאַניסטישע סעקולערע באַוועגונגען האָבן געמאַכט צו באַפרייען די קולטור-ווערטן פון דער רעליגיעזער הערשאַפט. דערמיט האָט שעלער אַ סוף געמאַכט צו דער אויטאָנאָמיע פון די מאָראַלע ווערטן וועלכע קאַנט האָט איינגעשטעלט און האָט זיך אומגעקערט צו דעם מיטל-עלטערלעכן מאַניזם. פון דעסט וועגן קען מען נישט לייקענען די סאָלידע באַגרינדונג פון זיין מאַניסטישער סקאַלע פון ווערטן. ווען מען באַפרייט די ווערטן, וואָס געפינען זיך אין דאָס הייליקע און פּראָפאַנע, פון יעדער רעליגיעזער דאָגמע, קענען זיי טאַקע דינען ווי די העכסטע מאָס און העכסטע ווערט אונטער וועלכע אַלע אַנדערע ווערטן מוזן זיך אונטערוואַרפן. אויך דער סעקולערער הומאַ-

ניסט וועט מודה זיין אַז קיין גרעסערער ווערט ווי דאָס וואָס ווערט באַ־טראַכט ווי הייליק איז נישט פאַראַן. אויב דעם מענטשנס לעבן איז הייליק, דעמאָלט מוזן אַלע ווערטן זיך אונטערוואַרפן אַט דעם העכערן ווערט.

דער גרעסטער חידוש אין שעלערס טעאָריע פון ווערטן איז זיין אַרויסלאָזן אין גאַנצן פון חשבון די מאָראַלע ווערטן; גלייך ווי גוט און שלעכט וואָלטן זיך געפונען מחוץ יעדער ווערט. שעלער דערקלערט עס דערמיט וואָס דער מאָראַלער ווערט געפינט זיך נישט אין זיך גופא, נאָר אין יעדער פּאָזיטיוון ווערט וואָס ווערט רעאַליזירט. אַזוי, למשל, ווען מיר פירן אויס אַ וויטאַלן ווערט, וואָס פירט צו געזונטקייט, פירן מיר שוין דערביי אויך אויס אַ מאָראַלן ווערט. פאַרקערט טוען מיר עפּעס אַזוינס וואָס פירט צו קראַנקייט פירן מיר דערביי שוין אויך אויס אַ אוממאָראַלן ווערט. אַזוי אויך ווען מיר רעאַליזירן גייסטיקע אָדער היי־ליקע ווערטן. אין יעדן פּאָזיטיוון ווערט איז שוין אויך פאַראַן דער מאָראַלער ווערט און אין יעדן נעגאַטיוון ווערט איז שוין אויך פאַראַן דער אוממאָראַלער ווערט. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז שעלער האָט פאַר דעם איינציקן טרעגער פון די מאָראַלע ווערטן געפונען די מענטש־לעכע פערזענלעכקייט, וואָס איז לחלוטין אַנדערש פון דעם מענטשנס סוביעקטיוויטעט. די פערזענלעכקייט דריקט אונטער די סוביעקטיווע אימפּולסן אָדער פאַרלאַנגען און האַנדלט בלויז אין די אינטערעסן פון די העכערע ווערטן.

מ. שעלער האָט אָנגעהויבן מיט אַ געזונטער קריטיק אויף קאַנטס פאָרמאַליסטישער מאָראַל, ער האָט אָבער געענדיקט מיט אַזוינע טעאָ־ריעס וואָס אַנולירן אין גאַנצן די אויטאָנאָמישקייט פון די מאָראַלע ווערטן. דערמיט האָט ער זיך אומגעקערט צו אַזאַ צושטאַנד וואָס קאַנטס קריטיק האָט שוין לאַנג אַנולירט. שעלער האָט נישט באַוויזן צו באַ־גרינדן די אַבסאָלוטקייט פון זיין סקאַלע פון ווערטן. נישט פאַראַן אין איר אַט די מאַטעריעלע אַפּריאָריטעט פאַר וועלכער ער האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט. פאַרקערט, דורך זיין לערע ווערט קלאָר אויף ווי ווייט רעלאַטיוו די ווערטן זיינען.

די גרינטלעכסטע קריטיק אויף שעלערס טעאָריע פון ווערטן האָט געמאַכט ניקאָלאַי האַרטמאַן (1882—1950). ער וואַרפט אָפּ שעלערס אידעע אַז די מענטשלעכע פערזענלעכקייט איז אַנדערש און אומאָפּ־

הענגיק פֿון דעם סוביעקט. עס קען נישט זײַן קײן פּערזאָן אָן דאָס סוב־יעקטיווע. דאָך מײנט עס נישט אַז די באַגריפֿן פּערזענלעכקײט און סוביעקטיוויטעט זײַנען אײן זאַך. ווי אַ סוביעקט איז דער מענטש אַ אָנטאָלאָגישער וועזן וואָס באַזיצט אַזאַ אינערלעכע וועלט וואָס שטעלט אים אַוועק קעגן אַלץ וואָס איז נישט ער. ווי אַ פּערזאָן אָבער איז ער אַ וועזן וואָס שאַצט און אורטײלט דורך זײַנע מעשים. ער איז אויך אַ טרעגער און אַ רעאַליזירער פֿון ווערטן. אַזוי אַז עס קען נישט זײַן, ווי שעלער האָט געמײנט, קײן פּערזענלעכקײט אָן אַ סוביעקט.

נ. האַרטמאַן שטעלט זיך קעגן ניטשעס פּרעטענזיע איבערצושאַצן ווערטן. ער איז אויך קעגן דער באַהויפּטונג, אַז ס'איז מעגלעך צו באַ־שטימען די ווערטן לויט יעדן אײנעמס ווילן. ווײַל דעם ווערט פֿון אַ ווערט קען קײנער נישט באַשטימען. ווען אַזאַ זאַך וואָלט מעגלעך געווען וואָלטן געווען אַזוי פֿיל ווערטן וויפֿל מענטשלעכע אינטערעסן. דעריבער, האַלט האַרטמאַן, זײַנען די ווערטן אומאָפּהענגיק פֿון יעדער געדאַנק, ווונטש אָדער ווילן. נישט דער באַוווּסטזײַן באַשטימט די ווערטן, ווי דאָס האַלטן די רעלאַטיוויסטן, נאָר, פֿאַרקערט, די ווערטן באַשטימען דעם באַוווּסטזײַן. די ווערטן זײַנען אַזוינע אידעאַלע אָביעקטן וואָס עקסיסטירן מחוץ דער דערפֿאַרונג און קענען בלויז אויפֿגענומען ווערן דורך אַן אינטויִטיווער אַפּריאָרישער וויזיע. היות די ווערטן זײַ־נען אידעאַלע וועזנס, זײַנען זײ גלײַכגילטיק צו יעדער זײַן אָדער נישט־זײַן. דאָס אײנציקע וואָס כאַראַקטעריזירט די ווערטן איז די פֿליכט. די ווערטן בײַטן זיך נישט, זײ זײַנען אומצעשטערלעך. זײער וועזנט־לעכקײט איז אַ אײביקע און שטײט איבער די געשיכטלעכע געשעע־נישן. וואָס עס בײַט זיך איז בלויז דער באַוווּסטזײַן וואָס מיר האָבן פֿון די ווערטן. אין דעם באַשטײט די ענדערונגען וואָס מיר פֿירן אַרײַן אינעם אָפּשאַצן ווי אינעם אַנטדעקן די ווערטן.

נ. האַרטמאַן מײנט אַז די ווערטן ווערן נישט געשאַפֿן נאָר ווערן אויפֿגעדעקט. די אַנטדעקערס פֿון נײַע ווערטן זײַנען די העלדן, די נביאים אָדער די שאַפֿערס פֿון רעליגיעס. זײ זײַנען עס די וואָס רעוואָ־לוציאָנירן די מאַסע. אָבער אויך די שאַפֿערס קענען בלויז אַנטדעקן דאָס וואָס איז שוין אין פּאָטענץ צײַטיק. דער נביא לײַענט די נײַע ווערטן אין די מענטשלעכע הערצער, ער ברענגט זײ צום באַוווּסטזײַן און גיט זײ אַ געשטאַלט. דאָס איז פּאַקטיש די אויפֿגאַבע פֿון די וואָס

שאַפן אידעען. יעדער נייער געדאַנק דעקט אויף אַזאַ ווערט וואָס האָט אין פּאָטענץ שוין לאַנג עקסיסטירט. דאָס מיינט אַז די ווערטן זיינען טראַנסצענדענטאַלע וועזנס. זייער עקסיסטענץ איז אַ אידעאַלע און נישט קיין רעאַלע. ווייל די ווערטן עקסיסטירן אומאָפּהענגיק פון זייער רעאַ־ליזירונג. דער מענטש האָט אָבער די מאַכט צו פאַרוואַנדלען די ווערטן, וואָס זיינען אידעאַלע וועזנס, אין אַ רעאַליטעט.

אַ ענטפער שעלערן און האַרטמאַנען האָט געגעבן י. ע. היידע (גע־בוירן אין 1892). לויט אים האָבן נישט די ווערטן קיין אַבסאָלוטע קוואַ־ליטעטן, ווי דאָס האָט געלערנט שעלער און זיי האָבן אויך נישט קיין אַבסאָלוטע וועזנטלעכקייט, ווי דאָס האָט געלערנט האַרטמאַן. נישט פאַראַן קיין ווערטן **אין זיך גופא**, נאָר פאַראַן ווערטן **פאַר** עמעצן. ווען עס וואָלטן געווען ווערטן **אין זיך גופא** וואָלטן זיי געווען **פאַר** קיינעם נישט. פון דעסט וועגן לייקנט נישט היידע אַז עס זיינען פאַראַן אויך אַבסאָלוטע ווערטן. עס ווענדט זיך נאָר פון וועלכן קוק־ווינקל מע קוקט אויף דעם. אַזוי אַז ווערטן קענען זיין אַבסאָלוט און גלייכצייטיק אויך רעלאַטיוו. אַבסאָלוט זיינען זיי צוליב זייער אומאָפּהענגיקייט פון דעם סוביעקט וואָס באַזיצט זיי און רעלאַטיוו זיינען זיי ווייל זייער אָפּשטאַם איז געבונדן צו אַ סוביעקט. אַזוי באַשטייט נישט דער ווערט פון אַ קונסטווערק בלויז פון די מינוטן וואָס מיר אָבסערווירן עס און האָבן הנאה, נאָר מיר אָנערקענען זיין ווערט אויך דעמאָלט ווען מיר האָבן פון דעם נישט קיין דירעקטע הנאה. וואָס דאָס מיינט אַז איין ווערק קען פאַר אונדז זיין אָביעקטיוו און אַבסאָלוט און גלייכצייטיק סוביעק־טיוו און רעלאַטיוו. דערמיט האָט היידע אויסגעמיטן די איינזייטיקייט פון די רעלאַטיוויסטן ווי די איינזייטיקייט פון די אַבסאָלוטיסטן. דער ווערט באַשטייט בלויז פון אַזעלכע שייכותן וואָס אַ מאָל זיינען זיי אַבסאָלוט און אַ מאָל רעלאַטיוו.

ווען מע רעזומירט די לאַנגע דיסקוסיע וועגן דער וועזנטלעכקייט פון ווערטן זעט מען לייכט איין, אַז טראָץ אַלע דעפיניציעס בלייבט דער ווערט אומדעפינירט. עס באַווייזט, ווי דאָס זאָגט האַרטמאַן, אַז די ווערטן געפינען זיך מחוץ דעם ווילן. קיינער קען נישט מאַכן אַז דאָס וואָס איז אומרעכט זאָל זיין רעכט און, אַז דאָס וואָס איז רעכט זאָל זיין אומרעכט.

## 12. די נישט איינהייטלעכקייט פון די ווערטן

דעם טעזיס וואָס מיר פאַרטרעטן דאָ איז, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין איינהייטלעכקייט נישט אין דעם שורש און נישט אין דער וועזנטלעכקייט פון די ווערטן. יעדער מין ווערט האָט זיך זיין ספּעציפישן שורש און זיין ספּעציפישע וועזנטלעכקייט. אַזוי, למשל, ווען דער סוביעקטיוויסט רעדט וועגן דעם עמאָטיוון שורש און וועזנטלעכקייט פון די ווערטן איז אין דעם נישט פאַראַן קיין סתירה צו עמעצן וואָס פאַרטרעט אַן אַנדער שטעלונג. זיינע אַרגומענטן זיינען זייער באַרעכטיקטע, נישט מער וואָס זיי זיינען גילטיק נישט פאַר אַלע ווערטן, נאָר פאַר אַזוינע ווערטן וואָס זייער שורש און וועזנטלעכקייט איז טאַקע אַ עמאָציאָנעלער, ווי דאָס זיינען, צום ביישפּיל, די עסטעטישע ווערטן, וואָס באַזירן זיך אויפן געשמאַק אָדער עמאָטיווע צושטאַנדן. דאָס אייגענע איז אויך מיטן אָביעקטיוויסט. אויך ער איז באַרעכטיקט אויף זיינע אַרגומענטן. נישט מער וואָס זיי זיינען גילטיק נישט פאַר אַלע ווערטן, נאָר פאַר אַזוינע ווערטן וואָס זייער שורש און וועזנטלעכקייט איז טאַקע אַ אָביעקטיווער, ווי דאָס זיינען די עטישע און לאָגישע ווערטן. נישט דער גוטער טאַט און נישט דער אמת קענען זיך באַזירן אויף דעם וואָס מע באַגערט. פאַרקערט, דאָס אָפּזאָגן זיך פון דעם וואָס מע באַגערט פירט צום אויטאָנאָמען גוטן טאַט און צו דעם אויטאָנאָמען אמת. אַזוי אַז ס'איז גאָר נישט פאַראַן קיין סתירה צווישן דעם סוביעקטיוויסט און דעם אָביעקטיוויסט, צווישן דעם רעלאַטיוויסט און אַבסאָלוטיסט. ביידע ריידן פון צוויי באַזונדערע מינים ווערטן.

ווען די פילאָסאָפן ריידן וועגן קוואַליטעטן, וואָס מע געפינט אין זאַכן, באַטראַכטן זיי די זאַכן ווי סובסטאַנצן און די קוואַליטעטן ווי אַטריבוטן. וואָס דאָס מיינט אַז צווישן זאַך און קוואַליטעט איז פאַראַן

אַ פונדאַמענטאַלער חילוק. איינס קען נישט פאַרביטן ווערן אויף דאָס אַנדערע. די קוואַליטעטן אָדער אַטריבוטן ווערן געטיילט אויף נויטווענדיקע און אויף צופעליקע. די נויטווענדיקע קוואַליטעטן זיינען די וואָס מע רופט „ערשטע אייגנשאַפטן" אָדער „אָריגינעלע אייגנשאַפטן". דאָס זיינען אַזוינע אייגנשאַפטן וואָס זיינען ענג געבונדן צו די זאַכן, ווי דאָס זיינען, למשל, אויסגעשפּרייטקייט, וואָג, האַרטקייט, באַוועגונג, רו. אָן אָט די אַטריבוטן וואָלט קיין שום זאַך נישט געקענט עקסיסטירן.

אַ ביסל אַנדערש איז מיט די „צווייטע אייגנשאַפטן" וואָס מע רופט אויך „סענסיטיווע אייגנשאַפטן", ווי דאָס זיינען: קאָליר, געשמאַק, קלאַנג. הגם אויך זיי געהערן צו די נויטווענדיקע אַטריבוטן פון די זאַכן, ווייל אָן קיין קאָליר קען זיך קיין שום זאַך נישט באַגיין, זיינען זיי דאָך מער סוביעקטיוו. נישט אַלע מענטשן, למשל, נעמען אויף די קאָלירן אויף דעם זעלביקן אופן.

פאַראַן נאָך אַ „דריטע אייגנשאַפט", וואָס מע קען אויך רופן די „אידעאַלע אייגנשאַפט". דאָ הערשן די באַגריפן גלייכקייט — אַנדערשקייט, קיילעכדיק — פירעקיק, צאָל. דיביימער, למשל, זיינען גלייך איינער צו דעם אַנדערן, ווייל זיי געהערן צו איין מין: געוויקסן, זיי זיינען אָבער אַנדערש איינער פון דעם אַנדערן אין דער פאָרעם. גאָר אַן אַנדער אייגנשאַפט באַקומט דער בוים ווען ער ווערט אַריינגענומען אין דעם סכום ביימער וואָס מיר רופן וואַלד. הגם די זאַכן קענען זיך נישט באַגיין אָן אַ פאַרגלייך מיט אַנדערע זאַכן, אַזוי אויך נישט אָן דער צאָל, צו וועלכער זיי מוזן צוגערעכנט ווערן, זיינען דאָך גלייכקייט און צאָל נישט קיין זאַכן, נאָר אידעאַלע אָביעקטן. די זאַכן זיינען געבונדן צו צייט און שטח, די אידעאַלע אַטריבוטן געפינען זיך מחוץ צייט און שטח.

כדי אָבער אָט די דריי אַטריבוטן, וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט, זאָלן האָבן אַ זינען מוזן זיי אָנקומען צו אַ פערטן אַטריבוט. אָט דער „פערטער אַטריבוט" איז דער ווערט (פּרייז, נוצלעכקייט, גילטיקייט) וואָס מיר געפינען אין די זאַכן. די נוצלעכקייט וואָס מיר קענען האָבן פון דעם בוים האָט גאָר נישט צו טאָן מיט דעם עצם זיין פון דעם בוים. די נוצלעכקייט איז אין גאַנצן אַ צוגעגעבענע אייגנשאַפט. דאָס איז דער ווערט וואָס מיר געפינען אין דער סובסטאַנץ. דאָס אייגענע איז אויך

מיט דער שיינקייט פון דעם בוים. אויך די שיינקייט האָט נישט צו טאָן מיטן אָביעקט — בוים, נאָר מיט דעם אַטריבוט ווערט, וואָס מיר גע־פינען אין אים. דער אַטריבוט ווערט צייכנט זיך אויס דערמיט וואָס ער איז נישט רעאַל. ער האָט נישט קיין ממשותדיקע עקסיסטענץ, ער פאַרנעמט נישט קיין פּלאַץ אין דעם שטח און איז נישט געבונדן צו צייט.

מיר האָבן דאָ ווידער אַ טיפּישןביישפּיל ווי אַזוי דאָס דענקען דורך אַנאַלאָגיעס פירט צו פיקציעס. די דעפיניציע אַז די ווערטן זיינען אירעאַלע קוואַליטעטן (אַטריבוטן) זיינען אמת בלויז בנוגע די עסטע־טישע ווערטן. די שיינקייט וואָס מע געפינט אין דעם בוים איז טאַקע אַ אירעאַלע. ווייל זי לאָזט זיך נישט אָנטאַפּן. מע קען זי אין ערגעץ נישט געפינען. אָבער וואָס פאַר אַ אירעאַליטעט געפינט זיך אין דעם עטישן ווערט? ער איז דאָך אין תוך געבויט כמעט בלויז אויף מעשים. איך העלף, לאָמיר זאָגן, אַ קראַנקן מיט אַ סכום געלט אַז ער זאָל זיך קענען היילן, און רעאַליזיר דערביי אַ עטישן ווערט. מיט וואָס איז אַזאַ ווערט נישט קיין רעאַלער? פאַרקערט, נעם איך צו דעם טאַט ווערט אויס ווערט.

אין פלוג קענען מיר נישט קיין ווערטן, נאָר מיר קענען גיטער, צילן און מעשים. מיר קענען נישט דעם ווערט גוטסקייט, נאָר מיר קענען די קאָנקרעטע גוטע זאַך וואָס ראובן טוט פאַר שמעונען. מיר קענען נישט דעם ווערט שיינקייט נאָר מיר קענען אַ געוויסע דערשיי־נונג (בילד, לאַנדשאַפט) וואָס זעט אונדז אויס צו זיין שיין. מיר קענען נישט דעם ווערט אמת, נאָר מיר קענען אַ געוויסע געשעעניש אָדער באַגריף וועלכע מיר באַטראַכטן פאַר אמת. דאָס הייסט, מיר קענען נישט די ווערטן ווי זעלבשטענדיקע סובסטאַנצן, נאָר ווי עפּעס וואָס געפינט זיך, אומפאַרמיידלעך, אין די זאַכן.

פון דעסט וועגן נעמען מיר זיך דאָס רעכט צו זאָגן אויף אַ באַ־שטימטן טאַט אַז ער איז נישט גוט, אויף אַ באַשטימטער דערשיינונג (בילד, לאַנדשאַפט) אַז זי איז נישט שיין און אויף אַ באַשטימטער גע־שעעניש אָדער באַגריף אַז זיי זיינען נישט אמת. הייסט עס, אַז מיר ווייסן יאָ וואָס אַזוינס עס דאַרף רעאַליזירט ווערן כדי די ווערטן זאָלן אויפקומען. פון דער אַנדערער זייט ווייסן מיר אויך וואָס אַזוינס עס קען זיין דער היפוך פון דאָס גוטע, שיינע און אמתע וואָס מיר דער־

ווארטן. דאָס הייסט, אַז מיר ווייסן אויך וואָס אַזוינס עס דאַרף רעאַ־ליזירט ווערן כדי עס זאָלן אויפקומען די נעגאַטיווע ווערטן, ווי דאָס שלעכטע, מיאוסע אָדער פאַלשע. די דערקענטעניש פון אַ פּאָזיטיוון ווערט מיינט שוין פּאַקטיש אויך די דערקענטעניש פון אַ נעגאַטיוון ווערט. ווייל ס'איז גאָר נישט פאַראַן אַזאַ ווערט וואָס זאָל נישט האָבן זיין קעגן ווערט.

דער אַרגומענט אַז וועגן געשמאַק דיסקוטירט מען ניט איז ממש געוואָרן דער אַקס אַרום וועלכן עס דרייען זיך כמעט אַלע ווערט־פּראָ־בלעמען. מע הערט עס אין גאַס, אין שטוב, און ווו נאָר מענטשן קומען זיך צונויף. עס קומט אויס אַז דער וואָס איז זיך מקריב פאַר אַ נאָבעלן ציל, ווי סאָציאַלע אָדער נאַציאָנאַלע באַפרייונג, פּראָגרעס פון אַ וויסנ־שאַפט, אַנטוויקלונג פון קונסט אָדער ליטעראַטור, קען נישט דערווייזן אַז ער האַנדלט בעסער ווי דער וואָס פּטרט זיין צייט אויף הוליאַנקעס אָדער שפּילן אין קאָרטן. ביידע האָבן דעם זעלביקן אַרגומענט: ס'איז אַן ענין פון געשמאַק. איינעם געפעלט זיך איבערצוגעבן אַ נאָבעלער אידעע און איינעם געפעלט נאָכצוגעבן די גרעבסטע תאוות. אַזוי אַז די ווערטן וואָס ביידע שאַפן, איינער אַ פּאָזיטיוון ווערט, דער אַנדערער אַ נעגאַטיוון ווערט, געפינען זיך אויף איין מדרגה. אויף ביידן האָט דעמאָלט נישט קיין שליטה דער ווילן. ווייל יעדער איינער האַנדלט לויט עס דיקטירט אים זיין געשמאַק, וואָס מוז אָנגענומען ווערן ווי באַשטימט פון עפּעס אַ איבערנאַטירלעכער קראַפט, וואָס מע קען רופן געטלעכקייט אָדער גורל.

אָט די ניוועלירונג פון ווערטן, צו וואָס עס פירט דער אַרגומענט געשמאַק, ווערט אָנגענומען סיי פון די ווערטן־טעאָרעטיקערס, סיי פון דער מאַסע. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס מע איז בלינד פאַר דאָס ספּע־ציפישע. מע טראַגט אַריבער די אייגנשאַפטן פון די עסטעטישע ווערטן אויף די וויטאַלע, עטישע אָדער לאָגישע ווערטן. אויך אויף דעם איז חל די קללה פון פאַראַלגעמיינערונג און פאַרגלייכונג.

אַ וויטאַלער ווערט איז נישט קיין ענין פון געשמאַק. קיינער קען נישט זאָגן אַז אים געפעלט צו זיין קראַנק. אויב עס וואָלט זיך געפונען אַזאַ איינער וואָלט ער געהערט צו די פּסיכיש־קראַנקע. אויך געפינען זיך נישט די וויטאַלע ווערטן אין גאַנצן מחוץ דעם ווילן. דער ווילן קען אַ סך אויפטאָן ביים באַשפּייזן, ביים היילן אין פאַל פון קראַנקייט און

נאָך מער ביים פאַרהיטן פון קראַנקייט, ווי ביים אָפּהיטן דאָס געזונט. עס קען בכלל קיין וויטאַלער ווערט נישט זיין דאָרטן ווו ס'איז נישט פאַראַן קיין ווילן צום לעבן. פאַרשטייט זיך, דער ווילן אַליין איז ביי דעם נישט גענוג.

אויך איז אַ עטישער ווערט נישט קיין ענין פון געשמאַק. דאָס עצם טאָן גוטס, ווי זיך מקריב זיין פאַר אַ נאָבעלער אידעע, מיינט זיך אָפּ־זאָגן פון דעם וואָס די חושים באַגערן. אַוודאי שטרעבט די מענטשהייט צו דערציִען די מענטשלעכע חושים אַז זיי זאָלן וועלן בלויז דאָס גוטע, ביז אָבער מע וועט קומען צו אַזאַ מדרגה קען זיך דאָס גוטע זיך דערהאַלטן בלויז דורך דעם וואָס מע וועט צוימען די חושים. דאָס הייסט ווען מע האַנדלט נישט בלויז לויט יעדן איינעמס געשמאַק, נאָר לויט אַזאַ געזעץ וואָס מוז זיין לאָגיש נויטווענדיק און אוניווערסאַל גילטיק.

נישט פאַראַן קיין איינהייטלעכקייט, נישט אין דעם שורש און נישט אין דער וועזנטלעכקייט פון די ווערטן. אויף דער פונדאַמענטאַלער פראַ־גע, ווו געפינען זיך די ווערטן, אין די זאַכן (ווערק) אָדער אין אונדז, ענטפערן מיר: עס ווענדט זיך פון וועלכע ווערטן עס רעדט זיך. אויב פון אַ עסטעטישן ווערט, געפינט ער זיך אין אונדז. ווייל די קלאַנגען פון אַ סימפאָניע, די פאַרבן פון אַ בילד און די ווערטער פון אַ בוך האָבן אַ ווערט בלויז פאַר דעם וואָס איז פעיִק אין זיי צו געפינען אַ ווערט. אויב ווידער עס רעדט זיך פון אַ לאָגישן ווערט, געפינט ער זיך נישט אין אונדז, נאָר אין די מאַטעריעלע אָביעקטן: צוויי עפּל פּלוס צוויי עפּל מוזן ביי אַלעמען האָבן דעם ווערט פון פיר עפּל. דאָס אייגענע איז אויך מיטן עטישן ווערט. אויך ער געפינט זיך נישט אין אונדז, נאָר אין דעם טאַט. ווייל גוט איז נישט דאָס וואָס אונדז געפעלט, נאָר גוט איז דאָס וואָס אימפּאָנירט זיך אויף אונדז ווי אַ ווערט. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט קען קיינער נישט מאַכן, אַז דאָס וואָס איז אַ אומרעכט זאָל ווערן רעכט און אַז דאָס וואָס איז רעכט זאָל ווערן אַ אומרעכט.

## 13. די יסודות פון דעם איינגעבוירענעם מאָראַלן געזעץ

די מאָראַלע פליכטן בייטן זיך פון דור צו דור. זיי קומען אויף פון געזעלשאַפטלעכע נויטן. זיי באַזירן זיך אויף אינטערעסן פאַראורטיילן, קאָנווענציאָנאַליזמען, איבערגלייבערישקייטן וואָס די הערשנדיקע מאַכט אָדער עפנטלעכע מיינונג צווינגט אַרויף. דאָס איז **די צוגעקומענע מאָראַל** וואָס ווערט פון אַ געזעלשאַפטלעכער נויטווענדיקייט אַ ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט. דאָס וואָס איז פריִער געווען אַ גלויבן אָדער איבערגלויבן ווערט אַ אינסטינקט אָדער אימפולס. דאָס איז אַ מאָראַל ווו די אַחריות פאַר די האַנדלונגען ווערן איבערגעטראָגן אויף אַנדערע. אַ מאָל גיט מען איבער די אַחריות דעם פירער, דעם שטאַט, די הערשנדיקע סאָציאַלע געזעצן, און מנהגים, אָדער צו אַלץ וואָס מע רופט באַדינגונגען. אַזוי איז מעגלעך געווען אַז פרידלעכע פויערים און אַרבעטער, וואָס זייערע לענדער זיינען פאַרכאַפט געוואָרן פון אַ בלוטיקן שונא, זאָלן אַליין ווערן שותפים צו זיינע פאַרברעכנס. אָט די פויערים און אַרבעטער פון פוילן, ליטע, לאַטוויע, אוקראַיִנע, אונגאַרן א״אַ האָבן גערויבט און געמאָרדעט אומשולדיקע פרויען, זקנים און קינדער. זיי האָבן עס געטאָן מיט אַ רויִק געוויסן, אַרויפוואַרפנדיק די גאַנצע אַחריות אויף די באַדינגונגען. מיר האָבן דאָ אַ מוסטער פון דער רעלאַטיווער ביאָלאָגישער מאָראַל, וועלכע אַלע בעסטע סאָציאָלאָגן און פסיכאָלאָגן האָבן געפרעדיקט און פרעדיקן אויך היינט. די וויסנשאַפט ווייס נישט פון קיין עטישע פרינציפן.

פאַראַן אָבער אַ מאָראַל פון אינדיווידועלער אַחריות, וואָס יעדער איינער ווערט דערמיט געבוירן און וואָס בייט זיך קיין מאָל נישט, ביי קיין שום אומשטאַנד. דער מאָראַלער געזעץ איז אַן איינגעבוירענער בלויז דעמאָלט ווען ער באַזירט זיך אויף דעם עכטן אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף און אויף דעם געפיל פון אַחריות וואָס קען, אין

מאָראַלן זינען, אויף קיינעם נישט אַרויפגעצוווּנגען ווערן, ווייל ער קומט אויף פון פרייער זעלבסט־באַשטימונג. ווו ס׳איז פאַראַן אחריות איז פאַראַן אַ פרייער ווילן. יעדער פרייער ווילן איז אַן אַקט פון אחריות.

די פרייהייט באַשטייט נישט אין דעם וואָס דער מענטש דענקט אָדער אין דעם וואָס דער מענטש טוט, נאָר די פרייהייט איז דער תוך פון דעם עצם מענטשנס עקסיסטענץ. דער מענטש איז בלויז דאָס וואָס ער באַווייזט צו טאָן מיט זיך. ד״ה בלויז אויף ווי ווייט אים געלינגט צו פראַקטיצירן זיין פרייהייט; אויף ווי ווייט ער קען גיין פון דאָס אומפערפעקטע צו דאָס פערפעקטע, אַזאַ פרייהייט איז נישט קיין אויטאָנאָמע, אין קאַנטס זינען, ווייל אַלע זיינע חושים נעמען אין איר אָנטייל. דער מענטש געפינט אין זיך גופא עפּעס אַזוינס וואָס ער קען נישט געפינען אין קיין שום אַנדער פּלאַץ אויף דער וועלט.

קיינער לערנט נישט אויס אַ קינד וואָס אַזוינס ס׳איז אמת און וואָס אַזוינס ס׳איז פאַלש. אַזוי לערנט קיינער נישט אויס קיין קינד ער זאָל זיך פילן שולדיק פאַר עפּעס, אָדער ער זאָל זיך שעמען אָדער ווערן געפייניקט פון געוויסן. דאָס קינד ווייס ווען ער זאָגט אַ ליגן און ווען ער זאָגט אַן אמת. ווען ער וואָלט נישט געוווּסט וואָס אַזוינס עס מיינט אַ ליגן וואָלט ער קיין מאָל קיין באַגריף דערפון נישט געקענט האָבן.

אַז דער מאָראַלער געזעץ איז אַן איינגעבוירענער זעט מען אויך פון דעם וואָס קיינער קען נישט בייטן דעם פונדאַמענטאַלן אינהאַלט פון די מאָראַלע ווערטן. וויפל רשעים עס זיינען געווען אין דער געשיכטע, וואָס האָבן אויף געוואַלד געוואָלט מאַכן אַז דאָס רשעות זאָל ווערן אַ טוגנט, האָבן זיי עס נישט געקענט אויספירן. דאָס וואָס איז פון אייביק אָן שלעכט — ווי פאַלשקייט, אַכזריות, אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, בלוט־פאַרגיסונג — וועט אַלע מאָל זיין שלעכט. אויב אומרעכט איז אַמאָל באַטראַכט געוואָרן פאַר רעכט, ווי שקלאַפעריי אָדער פעלקער־פיינטשאַפט, איז דאָס אַ צוגעקומענע מאָראַלע פליכט, און דאָס געהערט צו דער רעלאַטיווער ביאָלאָגישער מאָראַל. דער מענטש ווערט געבוירן מיטן באַוווּסטזיין אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך. די מענטשן־איינטיילונג אָדער קלאַסן־צעטיילונג איז אַ צוגעקומענער אָדער אַן אַרויפגעצוווּנגענער געפיל, וואָס קומט פון דערציִונג.

ווי אַ ביישפּיל פון איינעם וואָס האָט געוואָלט בייטן דעם אינ־האַלט פון די מאָראַלע ווערטן קען גענומען ווערן פרידריך ניטשע (1844—1900). ער איז באמת געווען אַ פאַלשער נביא און האָט גאָר אין אַ גרויסער מאָס בייגעטראָגן צו די אומגליקן פון אונדזער צייט. ער פרעגט: „וואָס אַזוינס איז דאָס גוטע? און ער ענטפערט „אַלץ וואָס פאַרגרעסערט דאָס געפיל פון מאַכט, דעם ווילן פון מאַכט און די מאַכט גופאביים מענטשן". „וואָס איז דאָס שלעכטס? אַלץ וואָס קומט אַרויס פון שוואַכקייט". דעריבער „זאָלן אומקומען די שוואַכע, דאָס איז אונדזער ערשטער פּרינציפּ פון אונדזער ליבע צום מענטשן און לאָמיר זיי העלפן אומקומען" (46).

עס הייסט אַז **מאַכט גיט רעכט**. דער שטאַרקער דאַרף אומברענ־גען דעם שוואַכן. נאָך מער קלאָר ברענגט ניטשע אָט דעם געדאַנק אַרויס אין אַן אַנדער ווערק. ער האָט דעם שורש פון שלעכטס געפונ־ען אין דער יידישער „שקלאַפן־מאָראַל". ער האָט געשריבן:

> די יידן האָבן מיט אויסערגעוויינלעכער לאָגיק צעשטערט דעם אַריסטאָקראַטישן גלייכגעוויכט פון די ווערטן: „גוט", „נאָבל", „מעכ־טיק", „שיין", „גליק", „געליבט פון גאָט", און מיט אַ פאַרביסענער שינאה האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז בלויז די אומגליקלעכע זיינען די גוטע! אַז בלויז די אָרעמע, די אימפּאָטענטע, די קליינע זיינען די גוטע. אַז די ליידנדיקע, די נויטבאַדערפטיקע, די קראַנקע זיינען די גאָט־פאַרכטיקע. זיי זיינען געבענטשט פון גאָט! בלויז צו זיי וועט געהערן דאָס אייביקע גליק! פאַרקערט, די נאָבעלע און שטאַרקע וועלן אויף אַלע אייביקן זיין די שלעכטע, די אַכזרים — — — מיט די יידן האָט זיך אָנגעהויבן די עמאַנציפּאַציע פון די שקלאַפן אין דער מאָראַל. אָט די עמאַנציפּאַציע האָט שוין אַ געשיכטע פון צוויי טויזנט יאָר און מיר קענען זיך פון איר נישט באַפרייען ווייל זי איז אַ זיגערישע (47).

דאָס אַלץ האָט געהאָלפן אָפּשוואַכן דעם ווערט פון די מאָראַלע באַגריפן. גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ איבערגעבליבענע לאַסט פון אַ לאַנג פאַרשווונדענער תקופה. פ. ניטשע האָט געהאָלפן איינקריצן

(46) Federico Nietzsche, *El Anticristo*, Editorial Claridad, Buenos Aires, pág. 10.

(47) Federico Nietzsce, *La Genealogía de la Moral*, F. Sempere y Compañía, Editores, Valencia 1909, pág. 34.

אין די דייטשע מוחות (פאַרשטייט זיך, נישט בלויז אין די דייטשע) אַז די עצם הומאַניסטישע מאָראַל איז אַ ייִדישע דערפינדונג, וואָס האָט דערמיט געזוכט צו באַהערשן די וועלט. געטאָן האָבן דאָס די ייִדן כלומרשט צוליב אַ טיפן האַס וואָס זיי האָבן צו די מעכטיקע אַכזריותדיקע פעלקער, פון וועמען זיי האָבן געוואָלט נקמה נעמען. דער אויספיר איז געווען, אַז די הערשנדיקע מאָראַלע סיסטעמען זיינען אַ מין אַנשיקעניש אויף דער מענטשהייט (48).

ניטשע איז אָבער נישט געווען דער ערשטער, און אויך נישט דער איינציקער, וואָס האָט דורכגעפירט אַזאַ מין „ווערטן־איבערשאַצונג". דעם ערשטן שטויס צו דעם האָט געגעבן מאַקס שטירנער מיט זיין ווערק **דער איינציקער און זיין אייגנטום** (1845). ער איז דאָרטן אין גאַנצן מבטל אַלע אַלטרויִסטישע אידעאַלן ווי גלייכהייט, גערעכטיקייט און ברידערלעכקייט און שטעלט אין צענטער אַוועק דעם איך. ווייל אַלץ וואָס אַ מענטש טוט, איז עס בלויז צוליב זיין אייגענעם אינטערעס. אַפילו דעמאָלט ווען ער גייט אויף מסירת־נפש, טוט ער דאָס צוליב זיין אייגענער באַפרידיקונג. דער מענטש וועט זיך באַפרייען פון אַלע פּלאָגן ווען ער וועט פּטור ווערן פון אַלע אַרויפגעצוואונגענע מאָראַלע און יורידישע געזעצן וואָס פאָדערן פון אים אַז ער זאָל אונטערוואַרפן זיינע אינטערעסן לטובת די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. אַלע אַלטרויִסטישע אידעאַלן וואָס מע געפינט אין דער רעליגיע, ווי אין דער מאָראַל זיינען אַן **איבערבלייב פון אַ קינדערשן צושטאַנד אין דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. דער הייַנטיקער באַוווּסטזיניקער מענטש באַפרייט זיך פון זיי.** די באַציִונג צום מענטש קען זיך מער נישט באַזירן אויף מאָראַלע פליכטן, נאָר דאַרף זיך באַזירן אויף ריין עגאָיִסטישע אינטערעסן, ווי יעדער איינער וועט עס דורך זיין **פרייען ווילן** אַליין באַשטימען. די מענטשן וועלן זיך דעמאָלט פאַראייניקן נישט דורך געזעצן אָדער מאָראַלע פליכטן, נאָר דורך דעם פרייען ווילן.

כאָטש שטירנער האָט דערקלערט אַ פאַרניכטונג־מלחמה דער מאָראַל האָט ער עס אין דער אמתן געטאָן אין נאָמען פון אַן אַנדער

(48) למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן אַז ניטשע האָט פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם פון זיין צייט, ווי דאָס האָט באַוויזן זיין איבעררייסן מיט ריקאַרד וואַגנער צוליב זיין אַנטיסעמיטיזם.

מאָראַל, וועלכע ער האָט באַטראַכט פאַר ריכטיקער. שלעכט איז פאַר אים געווען בלויז די אַלטרויִסטישע יִדיש־קריסטלעכע מאָראַל, אָבער גוט און גערעכט איז פאַר אים אַזאַ מאָראַל, וואָס זוכט צו באַפרידיקן בלויז דעם אייגענעם איך.

בקיצור, סיי ניטשע און סיי שטירנער זיינען מסכים אַז עס זיינען פאַראַן צוויי מאָראַלן: איינע „די יִדישע מאָראַל", וואָס שטעלט פאַר אַלע אַלטרויִסטישע אידעאַלן ווי גלייכקייט, גערעכטיקייט און ברי־דערלעכקייט, ווי אויך די אידעאַלן פון ליבשאַפט און הילף פאַר די ליידנדיקע און נויטבאַדערפטיקע, און די צווייטע מאָראַל איז דער ווילן צו מאַכט, וואָס דאַרף דינען די ריין עגאָיִסטישע אינטערעסן.

פרעגט זיך וועלכע פון די צוויי מאָראַלן איז די איינגעבוירענע און וועלכע די צוגעקומענע?

ווען מע זאָל אָננעמען ניטשעס און שטירנעס עטיק וואָלט עס געמיינט אין גאַנצן בטל מאַכן די עטישע ווערטן. ווייל אויב ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ עטישער ווערט מיינט עס בלויז טאָן גוטס עמעצן. אַפילו ווען מע טוט עס צוליב אייגענער באַפרידיקונג מיינט עס אויך דעמאָלט אַז מע נעמט עפּעס פון דעם אייגענעם „איך" און מע גיט אַוועק אַן אַנדערן. מע קען אָבער קיין מאָל נישט באַטראַכטן פאַר מאָראַליש גוט דאָס וואָס מע נעמט ביי אַן אַנדערן (יחיד אָדער כלל) און מע פאַרניצט עס פאַר זיך. דער אַרגומענט לעבנסנויטווענ־דיקייט אָדער וויטאַליטעט קען דאָ ניט גענומען ווערן אין באַטראַכט. ווייל דעם מענטשנס העכערקייט פון אַנדערע באַשעפענישן באַשטייט נישט אין זיין ביאָלאָגישער וויטאַליטעט, נאָר אין זיין פעיִקייט צו שאַפן ווערטן, אויך אַזוינע ווערטן וואָס זאָלן שטאַרקן דעם מענטשנס וויטאַליטעט, סיי ווי אַ יחיד און סיי ווי אַ טייל פון דער געזעלשאַפט.

אויב מע קען נישט זאָגן, אַז דער מענטש ווערט געבוירן מיטן באַרוף צו טאָן גוטס, קען מען אָבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דאָס גוטס וואָס ער טוט קומט פון אַ **איינגעבוירענער אַחריות און נישט פון אַ צוגעקומענער נויטווענדיקייט**. אויך ווען ער טוט שלעכטס האָט ער דעם פולן באַוווּסטזיין דערפון.

## 14. די לאָגישע יסודות פון דעם מאָראַלן געזעץ

אוודאי לאָזט זיך וויסנשאַפטלעך באַגרינדן וועלכע האַנדלונגען זיינען גוטע און וועלכע האַנדלונגען זיינען שלעכטע, ווייל בלויז די וויסנשאַפט קען אונדז זאָגן וועגן די קאָנסעקווענצן וואָס יעדער האַנדלונג קען אונדז ברענגען. מע קען אָבער וויסנשאַפטלעך נישט באַגרינדן פאַר וואָס מע זאָל אויסקלייבן דאָס גוטע און אָפּוואַרפן דאָס שלעכטע, פאַר וואָס מע זאָל דעם אייגענעם אינטערעס אונטערוואַרפן די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט אָדער די אינטערעסן פון דעם נאָענטן. אַזוי אויך קען מען וויסנשאַפטלעך נישט באַגרינדן פאַר וואָס מע זאָל האַנדלען אויס רעספּעקט צו אַ פּרינציפּ אָדער אויס רעספּעקט צו דער אייגענער חשיבות.

די וויסנשאַפט קען בלויז זאָגן וועגן דעם **וואָס איז,** זי קען אָבער גאָרנישט זאָגן וועגן דעם **וואָס דאַרף זיין.** היות די עטיק גיט זיך אָפּ בלויז מיט דעם **וואָס דאַרף זיין,** בלייבט, בכן, די עטיק מחוץ דער וויסנשאַפט. נאָך מער, יעדער מאָל ווען די וויסנשאַפט נעמט זיך אונטער צו דערקלערן דעם פאַר וואָס פון דער מאָראַלער האַנדלונג צעשטערט זי זי אין גאַנצן. די וויסנשאַפט ווייס בלויז פון סיבות, זי קען אָבער קיין מאָל נישט וויסן פון דער פרייער, אומפאַראינטערעסירטער מאָראַלער פליכט, וואָס האַנדלט נישט צוליב סיבות, נאָר אויס רעספּעקט צום מאָראַלן געזעץ.

פון דעסט וועגן איז דאָס גאָר נישט אַזוי פשוט. די וויסנשאַפט באַזירט זיך אויף דערפאַרונג און לאָגיק. אויך דער מאָראַלער אורטייל קען זיך נישט באַגיין אָן דערפאַרונג און לאָגיק. וועלן מיר אויסלאָזן די דערפאַרונג, ווייל מיר מיינען אַז וועגן דערפאַרונג קען מען גאָרנישט זאָגן און נישט מע קען איר ברענגען פאַר אַ באַווייז. עס האָט אַ זינען

צו ריידן בלויז וועגן עקספּערימענטאַלער דערפאַרונג, ווי דאָס ווערט געמאַכט אין לאַבאָראַטאָריעס. עס האָט אָבער קיין זינען נישט צו ריידן וועגן דערפאַרונג ביי עמאָציעס אָדער אַפעקטן. ביי דעם קען אונדז די דערפאַרונג נישט זאָגן וואָס ס׳איז אמת און וואָס ס׳איז פאַלש. דער וואָס גלייבט אין שדים און רוחות איז פונקט אַזוי איינגעגלייבט אין זיין דערפאַרונג ווי דער וואָס גלייבט אין דעם אויסגעפּרוווטן באַוויז. אויף דער באַזע פון דערפאַרונג קען מען זיין דער גרעסטער רשע און אויף דער באַזע פון דערפאַרונג קען מען זיין דער גרעסטער צדיק. ביידע האָבן דאָס זעלבע רעכט צו זאָגן אַז זייער דערפאַרונג לערנט זיי צו זיין אַ רשע אָדער צו זיין אַ צדיק. די דערפאַרונג דאַרף בכלל אַרויסגענומען ווערן פון דער עטישער ספּערע.

אַנדערש איז אָבער מיט דער לאָגיק. קיינער קען נישט לייקענען אַז דער מאָראַלער אורטייל איז געבונדן צו דער לאָגיק. שוין דערפאַר אַליין וואָס ביידע זיינען נאָרמאַטיוו. אמת, די לאָגיק איז נישט געבונדן צו אידעאַלן ווי די עטיק, זי איז אָבער, פּונקט ווי די עטיק, געבונדן צו די אורטיילן און שאַצונגען (49).

אוודאי קען מען נישט זיין אַבסאָלוט זיכער אַז אַ לאָגישע האַנדלונג וועט שטענדיק זיין מאָראַליש אויסגעהאַלטן, ס׳איז אָבער פאַר דעם מאָראַלן פליכט נישטאָ קיין בעסערער וועג־ווייזער ווי די לאָגיק.

ווייסן מיר אַז דער שטרענגער לאָגישער אַנאַליז וואַרפט אָפּ די פאַרבינדונג צווישן לאָגיק און עטיק. מיר קענען זיך אָבער טרייסטן דערמיט וואָס אָט דער זעלביקער לאָגישער אַנאַליז אַנולירט אין גאַנצן די לאָגיק. ווייל ער דערווייזט, ווי דאָס זאָגט ל. וויטגענשטיין, אַז די לאָגיק איז פּוסט, און גיט גאָר נישט צו צו דעם וואָס איז שוין פאַראַן אין די פאָר־הנחות. עס הייסט, אַז די לאָגיק איז טאַוטאָלאָגיש.

אונדזער גלייבן אין דער אייביקייט פון די עטישע ווערטן ראַטעוועט די לאָגיק פון דער „וויסנשאַפטלעכער צעשטערונג" און מאַכט איר פאַר דעם וויכטיקסטן עלעמענט אויף וועלכן די עטיק שפּאַרט זיך אָן.

אין דער יידישער טראַדיציע זיינען די באַגריפן אמת (לאָגיק) און חסד זייער אָפט געגאַנגען צוזאַמען. ווי מע געפינט עס אין תנ"ך: „ועשית עמדי חסד ואמת" (און זאָלסט מיט מיר טאָן אַ גענאָד און אַ

(49) A. Pfänder, *Lógica,* Espasa-Calpe Argentina S. A. Buenos Aires - México, 1938, pág. 33.

ריכטיקייט. **בראשית,** מ״ז, 29), „ועשינו עמך חסד ואמת״ (און מיר וועלן מיט דיר טאָן אַ גענאַד און אַ אמת, **יהושע,** ב, 14); „חסד ואמת מן ינצרהו״ (גענאַד און אמת באַשער, זיי זאָלן אים היטן, **תהילים,** ס״א, 8), „חסד ואמת נפגשו״ (גענאַד און אמת האָבן זיך באַגעגנט, **תהילים,** פ״ה, 11). און נאָך און נאָך. דער רבש״ע אַליין ווערט גערופן „ארך אפים ורב חסד ואמת״ (איינגעהאַלטן אין צאָרן און רייך אין גענאַד און אמת, **תהילים,** פ״ו, 15). דער באַגריף אמת אַליין ווערט אָפט פאַר־שטאַנען ווי גערעכטיקייט, אַזוי זאָגט זיך „אשר הנחני בדרך אמת״ (וואָס האָט מיך געפירט אויפן ריכטיקן וועג, **בראשית,** כ״ד, 48). „אנשי אמת שונאי בצע״ (ערלעכע מענטשן וואָס האָבן פיינט נישט כשרע פאַרדינסטן, **שמות,** י״ח, 21), „ודובר אמת בלבבו״ (און רעדט אמת אין זיין האַרצן, **תהילים,** ט״ו, 2).

די ערשטע טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר דעם זיווג לאָגיק און עטיק געפינט מען ביי סאָקראַטן. סאָקראַט האָט געהאַלטן אַז קיינער זינדיקט נישט פרייוויליק, נאָר אַז מע טוט עס צוליב איגנאָראַנץ. ווייל עס לייגט זיך נישט אויפן שכל אַז איינער ווייסט וואָס עס איז בעסער זאָל דווקא אויסקלייבן דאָס ערגערע. מע דאַרף פאַרשטיין, אַז ביי סאָק־ראַטן איז דאָס נישט אַזוי פשוט. ווערליק עס גיט איבער פלאַטאָן איז די אידעע, אַז די זינד קומט פון איגנאָראַנץ פאַרבונדן מיטן מיטאָס וועגן גילגולים, וואָס באַזירט זיך אויף השארת הנפש. עס הייסט אַז אַלץ וואָס דער מענטש דערוויסט זיך אין זיין קורצן לעבן איז נישט מער ווי אַ דערמאָנונג פון דעם וואָס די נשמה זיינע האָט געוווּסט ווען זי איז נאָך נישט געווען געבונדן צו קיין שום גוף, אָדער אַ דערמאָנונג פון דעם וואָס זי האָט געוווּסט בעת די פריִערדיקע גילגולים. וואָס מער דער מענטש פאַרטיפט זיינע געדאַנקען אַלץ מער ווערט פאַר אים קלאָר דער אמת וועלכן ער האָט אַמאָל געקענט.

ווען מען באַטראַכט דעם מיטאָס ווי אַ אומזין, ווי מע האָט אים ביז גאָר נישט לאַנג באַטראַכט, האָבן סאָקראַטס אידעען גאָר אַ קליי־נעם ווערט. באַטראַכטן מיר אָבער דעם מיטאָס ווי אַ קולטור־פונקציע פון אַ באַשטימטער תקופה, לייכטן פאַר אונדז זיינע אידעען מיט דער זעלביקער שיין ווי ווען זיי זיינען געזאָגט געוואָרן.

סאָקראַטס געדאַנק קען אויף אונדזער היינטיקער שפּראַך דעפינירט ווערן אַזוי: ביים מענטשן זיינען פאַראַן אַזוינע **גרונט־אידעען,** וואָס

בייטן זיך קיין מאָל נישט, ווייל זיי זיינען אַ טייל פון זיין נאַטור. ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר דעם ברענגט פּלאַטאָן, אין זיין דיאַלאָג **מענאָן**, אַ שמועס וואָס סאָקראַט פירט מיטן שקלאַף מענאָן, ביי וועמען ער רופט אַרויס אַזוינע „אייביקע אידעען", וואָס יענער האָט אַפילו נישט גע־חלומט אַז ער וויים פון זיי. אין פּלאַטאָנס **אַפּאָלאָגיע** זאָגט סאָקראַט צו די אַטענער:

> דאָס לעבן אָן אַ חשבון הנפש איז אומווערדיק פאַרן מענטשן... שעמסטו זיך נישט, מענטש, צו זאָרגן בלויז אויף צו פאַרגרעסערן דיין רייכקייט, רום און כבוד; און נישט האָבן די קלענסטע שטרעבונג און זאָרג אויף צו דערגרייכן וויסן און אמת און אויף צו האַנדלען אויף ווי ווייט מעגלעך גוט?

דער זעלביקער קריטעריום האָט געפירט סאָקראַטן בעסער צו נע־מען אויף זיך די שטראָף איידער אויסצומיידן די שטראָף, בעסער צו ליידן אַ אומרעכט איידער צו באַגיין אַן אומרעכט. דערמיט האָט ער אָפּגעהיט דעם פּרינציפּ אַז די מאָראַלע פליכט באַזירט זיך אויף לאָגישע יסודות.

אַלע טעאָריעס וואָס האָבן זיך באַזירט אויף דער הנחה אַז גוט איז דאָס וואָס איז בהסכם מיט דעם מענטשנס נאַטור האָבן זייערע מאָ־ראַלע פליכטן אָנגעשפּאַרט אויף דער לאָגיק. דערפון איז אויפגעקומען דאָס פּראָבלעם וואָס אַזוינס דאַרף מען פאַרשטיין אונטער מענטשלע־כער נאַטור. אויף דער באַזע האָבן זיך אַנטוויקלט אַלע שפּעטערדיקע וויכוחים וועגן דעם מהות פון מאָראַל. אויב דער שורש פון מאָראַל איז נישט די געטלעכע התגלות, נאָר דעם מענטשנס נאַטור, איז ווער הייסט דעם מענטשן זיך אָפּזאָגן פון דעם וואָס ער באַגערט? מיט אַנדערע ווערטער, וואָס אַזוינס דאַרף ער טאָן אויף מקיים צו זיין זיין „נאַטיר־לעכע" מאָראַלע אחריות? פון וואָס אַזוינס דאַרף באַשטיין דאָס „העכ־סטע גוטס"? ווי אַזוי קען מען שכלדיק באַגרינדן דאָס „העכסטע גוטס"?

ווען אין גריכנלאַנד איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן געוואָרן פאַר־דאָרבן, זיינען אויפגעקומען צוויי שולעס וועלכע האָבן זיך גענומען די אויפגאַבע שכלדיק צו באַגרינדן נייע עטישע לעבנס־פאָרמען. אָט די שולעס האָבן געדינט און דינען נאָך אויך היינט ווי צוויי טיפּישע מוס־טערן פון מאָראַלער אָריענטאַציע. דאָס זיינען געווען די סטאָיקערס און די עפּיקורעער. דער גרינדער פון דער סטאָישער שול איז געווען זענאָן

(264—335 פ"ק). ער איז געבוירן אין ציפערן און איז געווען אַ תלמיד פון דעם ציניקער קראַטעס. די סטאָאישע שול האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ סך יאָרהונדערטער און ווערט געטיילט אויף דריי פּעריאָדן. טראָץ זייער פאַרשיידנקייט ווערט זייער לערע רעדוצירט צו געוויסע הויפּט-פּרינציפּן. זייער באַטייט איז דער עיקר פאַר דער עטיק. צווישן זיי זיינען געווען גאָר ווייניק גריכן. אין דעם ערשטן פּעריאָד זיינען דאָס רוב געווען סיריער. און אין דעם לעצטן פּעריאָד זיינען עס געווען רוי־מער. ווי עס שיינט האָבן די גריכן מיט זייער העלעניזירן די „באַרבאַ־רישע פעלקער" היפּש נאָכגעלאָזן פון זייער אייגענער גייסטיקער וועלט. זיי זוכן שוין נישט מער די אוניווערסאַלע אידעע, נאָר שליסן זיך איין אין זייער אייגענעם איך, וועלכן זיי פאַרטיידיקן מיט פאַנאַטיזם. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי אַריינגענומען רעליגיעזע עלעמענטן צו וועלכע די גריכן זיינען נישט געווינט געווען.

זייער לערע לאָזט זיך סינטעטיזירן אויף אַזאַ אופן: דעם מענטשנס לעבן איז גוט דעמאָלט ווען ס'איז בהסכם מיט זיין נאַטור. די טוגנט באַשטייט פון אַ ווילן וואָס אַקטויִרט אין האַרמאָניע מיט דער נאַטור. אין מענטשנס לעבן איז נישט אַזוי וויכטיק דאָס געזונט, רייכקייט אָדער גליק. דאָס איינציקע גוטס וואָס איז דאָ איז די טוגנט. און די טוגנט בייט זיך נישט, זי איז אַבסאָלוט און נישט רעלאַטיוו. אַזוי אַז דאָס גוטס און שלעכטס וואָס עס געשעעט מיט אַ מענטשן איז אָפּהענגיק בלויז פון אים אַליין. ער קען זיין אָרעם און קראַנק, ער קען זיין פאַרשפּאַרט אין תפיסה און פאַרמשפּט צום טויט, ווי דאָס איז געווען מיט סאָקראַטן, און דאָך זיין גליקלעך. ווייל זיין טוגנט און די גייסטיקע פרייהייט קען ביי אים קיינער נישט צונעמען. ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין די מאַכט וואָס שטראָפט אים קען זי בלויז באַרירן דאָס דרויסנדיקע פון אים אָבער צו דעם אינעווייניקסטן „איך" קען זי קיין צוטריט נישט האָבן. אויך דאַרף ער זיך באַפרייען פון דעם דרוק פון די אייגענע תאוות.

עס קען באמת נישט זיין קיין גרעסער גליק ווי די אינעווייניקסטע גייסטיקע רויִקייט און דער מאָראַלער באַוווּסטזיין אַז מע לעבט אין האַרמאָניע מיטן אייגענעם געוויסן, וואָס דאָס מיינט נאַטור. פון דעסט וועגן קען דער סטאָאיציזם נישט גענומען ווערן ווי אַ מאָראַלישער וועג־ווייזער פאַר דער מענטשהייט. אויב די אַכזריות און אומרעכט באַריִרט נישט דעם מענטשנס אינעווייניקסטע פרייהייט, איז אויפן סמך פון וואָס

דאַרף מען באַקעמפן אַכזריות און אומרעכט? און וואָס ווערט דעמאָלט מיט דער האָפענונג אַז דאָס שלעכטס ווי דער אומרעכט וועט אַ מאָל פאַרשווינדן?

ווידער איז די סטאָישע מאָראַל היפּש אוממאָראַליש, ווייל אַפילו זיינע נאָענטסטע פריינד קען דער סטאָיקער ניט ליב האָבן, ווייל ער קען ניט אָנטיילנעמען אין זייער פרייד און ניט אין זייער טרויער; ניט אין זייער גליק אָדער אומגליק. איבער אַלץ מוז ער אָנהאַלטן זיין גייסטיקע רויִקייט. מיט רעכט ווייזט אָן בערטראַנד ראָסל (50) אַז ביי זיי קען קיין מאָל נישט מעגלעך זיין דער יִדישער העכסטער עטישער געבאָט ואהבת לרעך כמוך (זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין, **ויקרא**, י״ט, 18). אויך איז נישט מעגלעך דער יִדישער געבאָט אהב צדק ומשפט (**תהילים**, ל״ג, 5), אָדער צדק, צדק תרדף (נאָך גערעכטיקייט, גערעכטיקייט זאָלסטו זיך יאָגן, **דברים**, ט״ז, 20).

פונקט להיפוך צו דער סטאָישער מאָראַל איז די עפּיקורישע מאָראַל וואָס איז אויפגעקומען לערך אין דער זעלביקער צייט. אויב די סטאָיקערס האָבן געלערנט אַז דאָס העכסטע גוטס איז נישט די קערפּערלעכע הנאה, נאָר די גייסטיקע רויִקייט האָבן די עפּיקורעער געלערנט אַז דאָס העכסטע גוטס איז דווקא די קערפּערלעכע הנאה. עפּיקור (342—270) איז געבוירן אין סאַמאָס וואָס געפינט זיך אין קליין אַזיע. צו 14 יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען פילאָסאָפיע, ווען ער איז אַלט געווען 35 יאָר האָט ער זיך באַזעצט אין אַטען, ווו ער האָט געגרינדעט זיין שול וועלכע ער האָט גערופן **גאָרטן** (306 פ״ק), וואָס איז באַרימט געוואָרן נישט בלויז צוליב זיינע פילאָסאָפישע אידעען, נאָר אויך צוליב דער פריינדשאַפט, וועלכע ער האָט געפלעגט. מע האָט עס טאַקע גערופן „עפּיקורישע פריינדשאַפט" אין וועלכע עס האָבן אָנטיילגענומען נישט נאָר מענער, ווי מע איז דעמאָלט געוווינט געווען, נאָר אויך פרויען.

צוויי אויפגאַבעס האָט זיך עפּיקור געשטעלט, די ערשטע איז געווען זיך באַפרייען פון דער מורא פאַר די געטער. ער האָט אַרגומענטירט אויף אַזאַ אופן: מע מוז אָננעמען אַז די געטער זיינען אַזוי פּערפעקט אַז דער מענטש קען גאָר וועגן זיי קיין השגה נישט האָבן. בכן, איז נישטאָ פאַר וואָס צו גלייבן אַז זיי זאָלן זיך אינטערעסירן מיטן מענטשן.

---

(50) Bertrand Russell, *Historia de la Filosofía Occidental*, Espasa-Calpe Argentina S. A., 1947, pág. 281.

גיכער דאַרף מען אָננעמען אַז די געטער זיינען גלייכגילטיק צום מענטשנס גורל. בכן, האָט נישט קיין זינען מורא צו האָבן פאַר זיי. דעריבער דאַרף דער מענטש זיך פאַרלאָזן בלויז אויף זיך.

די צווייטע אויפגאַבע זיינע איז געווען צו באַפרייען דעם מענטשן פון דער מורא פאַרן טויט. ווייל כל-זמן מע לעבט פילט מען דאָך נישט דעם טויט און ווען מען איז טויט פילט מען בכלל גאָר נישט, איז פאַר וואָס דאַרף מען פאַר אים מורא האָבן?

ווען דער מענטש באַפרייט זיך פון אָט די צוויי פונדאַמענטאַלע מוראס, קען ער לעבן רויִק און זוכן צו געניסן פון דעם גליק וואָס דאָס לעבן גיט אים. און דאָס גליק באַשטייט בלויז אין דערפילן די עלעמענ־טאַרע באַדערפענישן ווי עסן, טרינקען און אַ בגד אויפן לייב. דאָס גליק ווערט דעמאָלט רעדוצירט בלויז אויף הנאה. פון דעסט וועגן מיינט עס נישט בלויז קערפּערלעכע הנאה, נאָר אויך גייסטיקע הנאה וואָס קומט פון וויסן און באַפרידיקונג.

מאָראַליש גוט איז בכן דאָס וואָס ברענגט הנאה און מאָראַליש שלעכט איז דאָס וואָס פאַרשאַפט זאָרג אָדער ווייטיק. דאָך האָט ער נישט געפּרעדיקט אַז מע דאַרף זיך יאָגן נאָך פאַרדאַרבנדיקע הנאות. עפּיקור האָט זיך באַנוגנט מיט ברויט און וואַסער. אין אַ בריוו האָט ער געשריבן: „איך זעטיק אָן מיט הנאה מיין קערפּער ווען איך לעב אויף ברויט און וואַסער און האָב פיינט די הנאות פון לוקסוס". דעם קערפּער האָט ער געהאַלטן הייליק. צו אַ פריינד האָט ער געשריבן: „שיק מיר מתנות אויף צו דערהאַלטן אונדזער הייליקן קערפּער".

עפּיקורס תלמיד דיאָגענעס לאַערציאָ ברענגט אין עפּיקורס נאָמען עטלעכע מאָראַלע סענטענצן. ער זאָל האָבן געלערנט: „דער אָנהייב און מקור פון יעדער גוטס איז די הנאה פון דעם מאָגן". „די אינטעלעק־טועלע הנאה באַשטייט בלויז אין דער באַטראַכטונג פון דער קערפּער־לעכער הנאה". די טוגנט איז אַ פוסטער וואָרט אויב זי זוכט נישט צו דערגרייכן הנאות". דאָך מיינט עס נישט קיין הנאה פאַר יעדער פּרייז, נאָר די געזונטע הנאה. אַזוי האָט עפּיקור אַפילו געהאַלטן אַז די סעק־סועלע הנאה קען קיין מאָל נישט זיין גוט. מע קען זיין צופרידן אויב זי ברענגט נישט קיין שלעכטס. לעצטנס רעווידירט מען שטאַרק דעם שלעכטן נאָמען וואָס מע האָט עפּיקורן געשאַפן. צווישן אָט די פאַר־שערס געפינט זיך אויך ראָדאָלפאָ מאָנדאָלפאָ, וועלכער זאָגט אַז עפּיקור

האָט אונטער הנאה דער עיקר געמיינט די הנאה פונעם פאַרשטיין און באַגרייפן, און אַז די חכמה איז פאַר אים געווען דאָס העכסטע גוטס (51). דאָך קען קיינער נישט לייקענען אַז ער האָט הנאה באַטראַכט פאַר גוטס און דאָס ליידן פאַר שלעכטס.

עפּיקור איז נישט געווען דער ערשטער וואָס האָט אַזאַ טעאָריע באַגרינדעט. פּריִער האָט אַריסטיפּאַ (געבוירן 435 פ"ק), אַרויסגעבראַכט דעם זעלביקן געדאַנק, וועלכן מע האָט גערופן **העדאָניזם**, אַז דאָס העכ־סטע גוטס איז די הנאה. אויף דעם האָט ער געגרינדעט די קירענאַיִשע שול, ווו מע האָט די געדאַנקען פאַרשפּרייט און דיסקוטירט. איינע פון זייערע אַרגומענטן איז געווען אַז, היות ליידן זיינען דאָס גרעסטע שלעכטס, דאַרף מען אויסמיידן אַזוינע הנאות וועלכע ברענגען ליידן און זוכן בלויז די געזונטע הנאות.

אָט די צוויי עטישע לערעס זיינען נישט געווען קיין צופעליקע עפּיזאָדן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, נאָר זיי זיינען געבליבן ביז היינט ווי סינאָנימען וועלכע דריקן אויס צוויי היפּוכדיקע מאָראַלע אי־דעען. דערפון זייער פונדאַמענטאַלע השפעה אויף די אַלע טעאָריעס וואָס האָבן געזוכט שכלדיק צו באַגרינדן און דעפינירן די מאָראַלע האַנדלונגען.

דער גרעסטער היסרון פון אָט די ביידע טעאָריעס איז וואָס זיי האָבן אין גאַנצן אַרויסגעלאָזן פון חשבון דעם סאָציאַלן מאָמענט פון די מאָראַלע ווערטן. אַ מאָראַל וואָס זאָל נישט נעמען אין אַכט די באַ־ציִונג בין אָדם לחברו, פון מענטש צו מענטש, איז כמעט קיין מאָראַל נישט. אַוודאי איז די אינדיווידועלע מאָראַל די באַזע פון יעדער עטישן ווערט. אָבער אויב אַזאַ מאָראַל איגנאָרירט דעם אַנדערן און באַגרע־נעצט זיך בלויז אויפן אייגענעם „איך" האָט עס אַ קנאַפּן ווערט. אַוודאי נייטיקט זיך דער יחיד אין מאָראַלע ווערטן, אָבער מחוץ דער געזעל־שאַפט קען קיין יחיד נישט עקסיסטירן. וואָס קומט אַרויס וואָס דער סטאָיקער האַלט פאַר גוט די גייסטיקע רויִקייט פון זיין איך און וואָס דער עפּיקורעער האַלט פאַר גוט די הנאות, אויב די געזעלשאַפט קען פון דעם קיין שום נוצן נישט האָבן. פאַרקערט, דאָס מוז פירן צו דער אויפלייזונג פון דער געזעלשאַפט. דער מענטש צום מענטשן ווערט מוזן

(51) Rodolfo Mondolfo, *La Conciencia Moral*, de Homero a Demócritc y Epicuro, Editorial Universitaria de Buenos Aires, 1962, pág. 52.

ווערן אַ וואָלף, און קיינער וועט נישט קענען קעמפן קעגן אומרעכט און רויב.

ווי אַ מין ענטפער אויף אָט דיביידע ריין אינדיווידועלע מאָראַלן איז אויפגעקומען די מאָראַל פון קריסטנטום וואָס האָט באַנייט די ייִדי־שע הומאַניסטישע מאָראַלע געבאָטן ווי ואהבת לרעך כמוך (זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין), און אַז דו זאָלסט רחמנות האָבן אויף דעם אָרעמען און אונטערגעדריקטן. און אַז דו זאָלסט טאָן גערעכטי־קייט צו אַלעמען גלייך, צום אָרעמען ווי צום רייכן. איבער די אינטע־רעסן פון דעם יחיד געפינען זיך די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט וועלכע מע דאַרף בויען אויף גערעכטע יסודות. **נישט מאַכט גיט דאָס רעכט**, ווי דאָס איז דעמאָלט געפּרעדיקט געוואָרן פון די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע האָבן כסדר געפירט אַ דעראָבערונג־מלחמה, נאָר סאָלי־דאַריטעט מיט דעם ליידנדיקן שאַפט דאָס רעכט. פאַרשטייט זיך אַז דער רויבערישער הערשנדיקער קלאַס האָט נישט געקענט טאָלערירן אַזאַ מאָראַל פון רחמנות צו דעם אונטערגעדריקטן און ליידנדיקן, און האָט אָנגעהויבן אַ פאַרניכטונג־מלחמה קעגן אָט דער נייער סעקטע, וועלכע איז טאַקע אויסגעשטאַנען שוידערלעכע פאַרפאָלגונגען.

טראָץ אָט דער אַכזריות איז דאָס קריסטנטום אַריינגעדרונגען אויך צווישן די הערשערס און ביסלעכווייז האָט ער מיט זיי שלום געמאַכט. אויף דעם איז געגוג געווען איין פראַזע, ווי „גיט צו צעזאַרן וואָס גע־הערט צו צעזאַרן און גיט גאָט וואָס געהערט צו גאָט". דערמיט האָט דאָס קריסטנטום זיך פאַרפליכטעט נישט קעגנצושטעלן זיך מער דער רויבערישער מאַכט און האָט אַפילו געבענטשט אירע דעראָבערונגען. נאָך מער, דאָס קריסטנטום גופא האָט איבערגענומען זייערע אַכזריות־דיקע פאַרפאָלגונג־מעטאָדן קעגן די וועלכע האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערוואַרפן אָדער אויף ווען ס'איז געפאַלן אַ חשד אַז ער שטייט כלומרשט אין באַציִונג מיטן טייוול. די קריסטן האָבן דעמאָלט געגלייבט אַז די וועלט געפינט זיך פאַר אַ קאַמף צווישן צוויי פרינציפּן: גוטס און שלעכטס, ליכט און פינצטערניש. פאַרשטייט זיך אַז ליכט האָט גע־מיינט די קריסטלעכע דאָגמע און פינצטערניש האָט געמיינט די אַפּי־קורסים, וועמענס נשמות זיינען געפאַנגען געוואָרן פון דעם טייוול. דאָס האָט שוין געגעבן אַ רעכט דער קריסטלעכער מאַכט אויסצוראָטן דעם טייוול צוזאַמען מיטן מענטשן, וועלכער איז פון אים געפאַנגען געוואָרן...

דער תירוץ איז שוין געווען אַ גרייטער. אַזוי האָט דאָס קריסטנטום, וואָס האָט געפּרעדיקט ליבע און רחמנות, געשאַפן די שווידערלעכע אינס־טיטוציע וואָס האָט זיך גערופן די „הייליקע" אינקוויזיציע, וואָס האָט שווידערלעך געפּייניקט און איבערגעגעבן אירע קרבנות פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט.

פאַרשטייט זיך אַז מיר קענען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף די פאַר־שיידענע עטאַפּן וואָס די קריסטלעכע מאָראַל האָט דורכגעמאַכט פון איר אויפקום אָן ביז איצטער. דער יסוד איז געווען, ווי דאָס האָט דער־קלערט די סכאָלאַסטישע טעאָלאָגיע, אַז די מאָראַל האָט אַ געטלעכן אָפּשטאַם. בכן קען מען זי נישט אָפּטיילן פון דעם רעליגיעזן גלויבן.

דער ערשטער וועלכער האָט געפּרוּווט אָפּטיילן די מאָראַל פון רעליגיע איז געווען פרענסיס בייקאָן (1561—1626). ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערווייזן אַז אויך דער וואָס גלייבט נישט אין גאָט קען זיין ערלעך, און אַז אַ איבערגלייבערישע רעליגיע איז אַ געפאַר פאַר דער געזעלשאַפט. עס הייסט, אַז דער מענטש מוז נישט זוכן דעם שורש פון די מאָראַלע פליכטן אין דער געטלעכער התגלות, נאָר אַז ער געפינט אים אין דער אייגענער נאַטור. ער האָט אָנגעהויבן אַ נייע תקופה דערמיט, וואָס נאָך אָן איבעררייס פון 15 הונדערט יאָר, האָט מען זיך ווידער גענומען לערנען די סטאָיקערס און די עפּיקורעער. אַזוי זיינען אויפגעקומען די רענעסאַנס־אידעען וועלכע האָבן געזוכט צו גע־פינען פאַר דער מאָראַל אַ וויסנשאַפטלעכן יסוד.

דער אַנדערער איז געווען טאָמאַס האָבס (1588—1679). ער איז געווען צווישן די ערשטע וועלכע האָבן דער מאָראַל געגעבן אַ נייע באַגרינדונג. להיפוך צו בייקאָנען האָט ער געהאַלטן אַז דער מענטש איז נישט קיין געזעלשאַפטלעכע חיה, וועלכע ווערט געבוירן מיט סאָ־ציאַלע אינסטינקטן, נאָר פאַרקערט, דער מענטש איז אַ פאַרדאָרבענע חיה וואָס איז אומבאַהאָלפן קעגן אירע שלעכטע אינסטינקטן. אַ מענטש צו אַ מענטשן איז אַ וואָלף Homo homini lupus אויב די מענטשן פירן אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דאָס נישט דערפאַר ווייל זיי זיינען געבוירן צו דעם, נאָר ווייל עס לוינט זיך זיי אָדער ווייל זיי ווערן גע־טריבן אוים מורא. ווען דער מענטש וואָלט באמת געהאַט אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט וואָלט אַלץ אויסגעזען אַנדערש. אויב מיר זוכן חבר־שאַפט אָדער פריינדשאַפט איז עס פשוט דערפאַר ווייל מיר זוכן אַז

מען זאָל אונדז שעצן און האָבן נוצן דערפון. דער מענטש איז אַ פיינד דעם מענטשן. דערמיט האָט ער פאַר דער מאָראַל געפּרוּווט געבן אַ שכלדיקע דערקלערונג.

לויט האָבסן איז דאָס וואָס מיר רופן גוט און שלעכט נישט מער ווי אַ אויסדרוק פון יעדן איינעמס באַגער. וויפל מענטשן עס זיינען דאָ אַזוי פיל מאָראַלע באַגריפן זיינען פאַראַן. ווייל די מענטשן זיינען שטענ־דיק מחולק וועגן דעם וואָס איז גוט און שלעכט. מיט איין וואָרט, גע־רעכט איז דער שטאַרקערער. דאָך ליגט אין דעם מענטשנס אינטערעסן נישט אויפצולייזן די געזעלשאַפט, נאָר פאַרקערט זוכן צו שטאַרקן איר. דער עגאָיִזם מוז צוליב זיין אייגענער לאָגיק זיך פאַרוואַנדלען אין אַל־טרויִזם. האָבס אויפטו איז אויך באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט די מאָראַלע פּראָבלעמען אָפּגעטיילט פון די רעליגיעזע דאָגמעס און האָט פאַר זיי געגעבן אַ שכלדיקע דערקלערונג.

ברוך ספּינאָזאַ (1632—1677) האָט אַ סך טיפער און אָריגינעלער באַגרינדעט די מאָראַלע האַנדלונג. הגם זיין קרוין־ווערק הייסט עטיק מיינט עס נישט אַז דאָס גאַנצע ווערק איז אָפּגעגעבן אויף צו באַהאַנד־לען מאָראַלע פּראָבלעמען. פאַרקערט, די גרעסטע טייל איז אָפּגעגעבן פאַר קאָסמאָלאָגיע, טעאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע. ספּינאָזאַ האַלט אַז גוט און גערעכט איז נישט דאָס וואָס איז בהסכם מיט אַ פאָרויסבאַשטימטן פּאָסטולאַט (מצווה, דין, געזעץ), נאָר גוט און גערעכט איז דאָס וואָס איז בהסכם מיט דעם וואָס פירט צו זעלבסט־דערהאַלטונג.

ספּינאָזאַ נעמט דאָ צו הילף זיין טעזיס, אַז ס׳איז פאַראַן איין וועלט־סובסטאַנץ (גאָט אָדער נאַטור) און אַז אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין איר איז אונטערגעוואָרפן די זעלביקע געזעצן; דער מענטש קען אין דעם נישט זיין קיין אויסנאַם. היות קיין שום זאַך וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור קען נישט באַטראַכט ווערן ווי פאַרדאָרבנקייט, קענען אויך דעם מענטשנס געפילן, ווי, למשל, האַס, כעס, קנאה וכדומה, נישט באַ־טראַכט ווערן ווי פאַרדאָרבנקייטן. די צרה איז וואָס מיר קענען נישט וויסן וועלכע זיינען די אמתע סיבות פון אָט די שעדלעכע עמאָציעס אָדער פּסיכישע קראַנקייטן. ספּינאָזאַ ווייזט זיך דאָ ווי דער פאָרגייער פונעם פּסיכאָאַנאַליז.

דער מענטש איז פאַרשקלאַפט צו זיינע ליידנשאַפטן בלויז דערפאַר ווייל ער האָט קאָנפוזע (נישט אַדעקוואַטע) אידעען; ווייל ער קען נישט

די אמתע סיבות וואָס באַוועגן אים צו האַנדלען אַזוי און נישט אַנדערש. אין דעם מאָמענט ווען ער דערקענט די ריכטיקע (אַדעקוואַטע) אידעע פון דעם וואָס ער טוט ווארפט ער פון זיך אַראָפּ דעם שקלאַפישן יאָך וואָס זיינע לײַדנשאַפטן צווינגען אויף אים אַרויף.

ספינאָזאַ שרײַבט:

> דער שכל (אַדעקוואַטע אידעע) פאָדערט נישט גאָר נישט וואָס זאָל זיין קעגן דער נאַטור. ער פאָדערט נאָר אַז יעדער איינער זאָל זיך אַליין ליב האָבן. ער זאָל זוכן דאָס וואָס איז ניצלעך פאַר אים, דאָס וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט ניצלעך, און ער זאָל באַגערן דאָס וואָס פירט אין דער ווירקלעכקייט דעם מענטשן צו אַ גרעסערער פערפעקטקייט און דער עיקר אַז יעדער איינער זאָל זיך אָנשטרענגען אויף ווי ווייט ס'איז אָפּהענגיק פון אים, צו קאָנסערווירן זיין עק־סיסטענץ (52).

פרעגט זיך: אויב דער מענטש דאַרף טאָן בלויז דאָס וואָס איז נוצ־לעך פאַר אים, דאָס וואָס פירט צו דער דערהאַלטונג פון זיין אייגענער עקסיסטענץ, איז ווי אַזוי וועט מען נישט אויסניצן איינער דעם אַנדערן? קערט זיך דאָ ספינאָזאַ נישט אום צו דער מאָראַל פון וואַלד, ווו עס הערשט בלויז דער שטאַרקערער?

ספינאָזאַ ענטפערט אויף דעם אַז „דאָס גוטס וואָס יעדער איינער באַגערט פאַר זיך, וועט ער עס באַגערן אויך פאַר די איבעריקע מענטשן" (53), ער דאַרף נאָר לעבן בהסכם מיטן שכל. ווייל האַנדלען בהסכם מיטן שכל איז דאָס אייגענע ווי טאָן מעשים־טובים. דער מענטש דאַרף פאַר זיינע מעשים־טובים נישט דערוואַרטן קיין שכר. די באַלוי־נונג פאַר דאָס גוטע איז דאָס גוטע גופא, און די שטראָף פאַר דאָס שלעכטס איז דאָס שלעכטס גופא. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס שכר מצווה — מצווה, ושכר עבירה — עבירה.

יעדער וויכטיקער דענקער וואָס איז אויפגעקומען שפּעטער האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן מאָראַלע פּראָבלעמען. דאָס רוב האָבן אַרויס־געבראַכט נייע אַרגומענטן, מיט וועלכע מע האָט געזוכט צו באַגרינדן די אומאָפּהענגיקייט פון דעם מאָראַלן באַוווסטזיין פון דער רעליגיע.

(52) Baruch de Spinoza, *Etica*, Fondo de Cultura Económica, México - Buenos Aires, 1958, IV parte, prop. 8.
(53) Ibidem . . . , IV, prop. 37.

אַזוי אויך איז מען געווען איבערגעצייגט אַז דער מאָראַלער באַוווּסטזיין קען באַגרינדעט ווערן ווינסשאַפטלעך פונקט ווי אַלע אַנדערע וויסנ־שאַפטן. לאָק, למשל, האָט געגלייבט אַז מע קען די מאָראַל באַגרינדן מיט אַ מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט.

די הערשנדיקע מיינונג איז געווען אַז די מאָראַלע האַנדלונג איז אייגן דעם מענטשנס נאַטור, און אַז וואָס נענטער דער מענטש לעבט בהסכם מיט זיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן אַלץ מאָראַלישער איז ער. אויף דעם סמך זיינען אויפגעקומען פאַרשיידענע **אוטאָפּיעס**, ווו עס זיינען אויסגעמאָלן געוואָרן מיט די שענסטע פאַרבן די אידעאַלע גע־זעלשאַפט, וועלכע באַזירט זיך בלויז אויף שכלדיקע פּרינציפּן. זיי האָבן געפּרעדיקט אַז דעם מענטשנס גליק ליגט נישט אין פּאָליטישע רעפאָר־מען, נאָר אינעם אויסלעבן די נאַטור־געזעצן.

מע דאַרף געדענקען, אַז די פּרעדיקונג פון אַ נאַטירלעכער מאָראַל וואָס באַזירט זיך אויף שכלדיקע פּרינציפּן איז געפּאָדערט געוואָרן אין אַ תקופה ווען די אינקוויזיציע מיט איר פולער שווידערלעכער קראַפט, האָט געהערשט אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע.

חלוקי־דעות האָט אַרויסגערופן דאָס פּראָבלעם, צי זיינען די מאָ־ראַלע אידעען איינגעבוירענע ביים מענטשן, אַלץ איינס צי זיי האָבן אַ שכלדיקע אָדער עמאָציאָנעלע באַזע. אייניקע האָבן געפונען דעם אָפּ־שטאַם פון מאָראַל אין אַ ספּעציעלער אינטויציע, אינעם גראַדן שכל, אין דער סימפּאַטיע אָדער נוצלעכקייט. אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז די גע־זעלשאַפט שאַפט די מאָראַלע באַגריפן און אַנדערע זיינען נישט אָפּגע־טראָטן פון דעם גלויבן אַז די רעליגיע איז די באַזע פאַר יעדער מאָראַ־לער אויפפירונג. פון דעם זיינען אויך אויפגעקומען די דיסקוסיעס וועגן פרייען ווילן.

עמאַנועל קאַנט (1724—1804) האָט אַריינגעבראַכט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין די טעאָריעס וועגן מאָראַל. ער האָט געביטן דעם עצם צוגאַנג צו מאָראַלע פּראָבלעמען. אַלע פריִערדיקע דענקערס האָבן זיך אַנגעשטרענגט צו באַגרינדן וואָס אַזוינס דאַרפן מיר פאַרשטיין פאַר גוטס און וואָס אַזוינס פאַר שלעכטס. גוט, למשל, איז מעסיקייט, צוימען די תאוות, באַהערשן זיך, פאַרגעבן אויף אַן עוולה, האָבן רחמנות, זיך

סאָלידאַריזירן מיטן ליידנדיקן, דינען דער געזעלשאַפט אָדער אויספאָלגן אירע געזעצן. שלעכט איז אַלץ וואָס איז להיפוך צו דעם.

קאַנט האָט געלערנט אַז דאָס אמתע מאָראַלע גוטס איז דאָס וואָס דינט נישט ווי אַ ציל אויף צו דערגרייכן עפּעס, נאָר גוט איז בלויז דער גוטער ווילן ווי אַ ציל אין זיך גופא. עס הייסט, אַז גוט איז נישט דער ציל (ווערט) וואָס מע דערגרייכט, נאָר גוט איז דער עצם ווילן וואָס דאַרף זיין אַבסאָלוט אומאָפּהענגיק פון וועלכע ס׳איז גייסטיקע אָדער מאַטעריעלע נוצן.

בכן, איז די באַזע פון דעם מאָראַלן געזעץ דער אויטאָנאָמער ווילן וואָס איז פריי פון וועלכע ס׳איז נייגונגען און וואָס ווערט באַשטימט בלויז פון דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. נישט פון אַ היפּאָטעטישן אימפּעראַטיוו, וואָס קען יאָ דורכגעפירט ווערן אָדער נישט, נאָר פון דעם אַבסאָלוטן אימפּעראַטיוו, וואָס האָט קיין ברירה נישט. אַזוי, למשל, איז די ליבע צום נאָענטן, אַפילו צום שונא, זייער אַ גוטע מידה, קוים אָבער ווערט אַזאַ ליבע אויסגעפירט צוליב סימפּאַטיע אָדער נייגונג, איז דאָס נישט קיין ריינע מאָראַלע האַנדלונג. אַנדערש איז אָבער ווען אַזאַ ליבע צום נאָענטן ווערט געטאָן אויס פליכט (אויך אַפילו ווען דער נאָענטער איז אַנטיפּאַטיש), דעמאָלט ווערט דערגרייכט אַ ריינער מאָראַלער געזעץ (54).

ווי אַזוי אָבער ווייסן מיר ווען דער ווילן איז פריי פון נייגונגען אָדער ווען די פליכט איז אַן אַבסאָלוטע (קאַטעגאָרישע)? אויף דעם האָט קאַנט פאָרמולירט אַזוינע פּרינציפּן: זאָלסט קיין מאָל נישט באַטראַכטן קיין מענטשן ווי בלויז אַ מיטל אויף צו דערגרייכן אַ ציל, נאָר זאָלסט אים שטענדיק גלייכצייטיק אויך באַטראַכטן ווי אַ ציל אין זיך. דער אַנדערער פּרינציפּ איז: זאָלסט האַנדלען אַזוי גלייך ווי די נאָרמע פון דיין האַנדלונג זאָל זיך קענען פאַרוואַנדלען, דורך דיין ווילן, ווי אַן אַלגעמיינער נאַטור-געזעץ, וואָס דאַרף זיין לאָגיש נויטווענדיק און אוניווערסאַל גילטיק.

פון נאָך קאַנטן אָן זיינען קיין וויכטיקע טעאָריעס וועגן מאָראַל נישט אויפגעקומען. די וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי קאַנטס פאָרמאַ-

(54) I. Kant, *Fundamentación de la Metafísica de las Costumbres*, Madrid, 1921, pág. 31.

ליזם האָבן קיין שפּאַן ווייטער נישט געקענט מאַכן און די וועלכע האָבן געפּרוּווט צו באַפרייען זיך פון זיין השפעה האָבן נישט ווילנדיק זיך געמוזט אומקערן צו פריִערדיקע תקופות ווען עס האָט געהערשט די מאָראַל פון גיטער און צילן. גלייך ווי יעדער איינער וואָלט געהאַט דאָס רעכט זיך צו שאַפן זיין אייגענע טעאָריע וועגן מאָראַל.

צו די וויכטיקסטע טעאָרעטיקערס פון יענער תקופה געהערט בענטהאַם (1748—1832). ער איז געווען צווישן די ערשטע באַגרינדערס פון דעם אוטיליטאַריזם. ער האָט געגלייבט, אַז דער מענטש איז באַהערשט פון צוויי ממשלות: ליידן און תענוג. ער זוכט אויסצומיידן די ליידן און זוכט צו דערגרייכן וואָס מער תענוג. פּונקט ווי עפּיקור האָט ער געזוכט אויסצוגעפינען וועלכע תענוגים געדויערן לענגער און ברענגען מער גליק. אויף דעם האָט ער איינגעשטעלט אַ סקאַלע פון תענוגים, אַזוינע וועלכע קומען און גייען באַלד אַוועק און אַזוינע וואָס קענען געדויערן אַ גאַנצן לעבן. די קאַטעגאָריעס פון די תענוגים זיינען **אינטענסיוויטעט, דויער, זיכערקייט, נאָענטקייט, פּרוכטיקייט.**

כדי אויסצומיידן, אַז די שטרעבונג צו יעדן איינעמס תענוג זאָל זיך געפינען אין קאָנפליקט מיט דעם אַנדערנס שטרעבונג צו תענוג דאַרף מען שטרעבן אַז די גאַנצע געזעלשאַפט צו וועלכער מע געהערט זאָל קענען געניסן פון וואָס מער תענוגים. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז דעם יחידס אינטערעס אָדער נוצן דאַרף זיך אונטערוואַרפן דעם געזעלשאַפטלעכן אינטערעס אָדער נוצן. דער פּרינציפּ פון גליק דאַרף דעריבער אויסגעברייטערט ווערן אויף וואָס מער מענטשן. די אינטערעסן פון דעם יחיד דאַרפן דינען די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. דאָס נוצלעכקייט (אוטיליטאַריזם) איז דעריבער דאָס העכסטע גוטס.

בענטהאַמס אידעען האָט אויסגעברייטערט און באַגרינדעט דזשאָן סטוּאַרד מיל (1806—1876) אין זיין עסיי **דער אוטיליטאַריזם.** מיל האָט געהאַלטן, אַז דעם מענטשנס אינטערעסן זיינען אַנדערש ווי די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. דעם מענטשנס חוב איז אָבער צו מאַכן אַזוי, אַז דער געזעלשאַפטלעכער אינטערעס זאָל איבערוועגן אַלע אַנדערע אינטערעסן. אויף דעם פאָדערט זיך צו רעפאָרמירן דעם מענטש

זוי די געזעלשאַפט. ווייל שטענדיק זיינען פאַראַן כוחות וואָס ווילן דורך אַלע מיטלען אויפהאַלטן דעם אַלטן סדר.

זיינען מיר דאָ נישט אויסן אויסצורעכענען אַלע די וועלכע האָבן געזוכט אַ לאָגישן יסוד פאַר דער עטיק. קיינער פון זיי האָט נישט איבערגעשטיגן קאַנטס שכלדיקע באַגרינדונג, וואָס איז אין תוך געווען טעותדיק, ווייל זי איז געווען בלויז אַ פאָרמאַליסטישע מאָראַל, בכן ליידיק פון יעדער אינהאַלט.

אַוודאי קען מען לאָגיש נישט באַגרינדן פאַר וואָס מע דאַרף אויסקלייבן דאָס גוטע און אָפּוואַרפן דאָס שלעכטע. די לאָגיק איז אָבער דער אוממיטלבאַרער אָנשפּאַר פאַר דעם מאָראַלן אימפּעראַטיוו. קוים האָבן מיר דעם באַוווּסטזיין פון דעם וואָס מיר טוען האָבן מיר שוין זיין לאָגישע באַרעכטיקונג. דאָס וואָס איז מאָראַליש שלעכט מוז זיין לאָגיש פאַלש און דאָס וואָס איז מאָראַליש גוט מוז זיין לאָגיש אמת. נישט אומזיסט דריקט אויס דער באַגריף שקר, סיי די לאָגישע פאַלשקייט און סיי די עטישע פאַלשקייט.

## 15. די „שטים פון געוויסן“ ווי דער יסוד פון דער הומאַניסטישער מאָראַל

ווען מען נעמט אָן — וואָס מיר האַלטן פאַר ריכטיק — אַז עס זיינען פאַראַן אייביקע און אָביעקטיווע ווערטן, ווערט געלייזט איינע פון די האַרבסטע פּראָבלעמען. דהיינו: קענען מיר טאַדלען עמעצן ווען ער באַגייט אַ פאַרברעכן, אויב ער זאָגט אַז ער האָט געהאַנדלט בהסכם מיט זיין געוויסן? ריין פאָרמעל איז פאַקטיש נישטאָ קיין מעגלעכקייט איבערצוציינגן עמעצן אין זיין שולד, אויב ער רעדט זיך איין אַז זיין געוויסן איז ריין פון זינד. ביישפּילן זיינען איבעריק, ווייל מע טרעפט זיי אויף יעדן טראָט. אָנהייבנדיק פון דער קלענסטער עוולה אָדער באַליידיקונג, ווי, למשל, נישט באַגריסן אַ שכן, ביז דעם גרעסטן פאַרברעכן, קען דער שולדיקער זאָגן אַז זיין געוויסן איז רויִק.

להיפּוך פון דעם וואָס איז אָנגענומען, איז די „שטים פון געוויסן“ ווייט נישט קיין בלינדער אימפּולס, ווייל ווען מע האַנדלט אימפּולסיוו איז נישטאָ קיין געוויסן. דער געוויסן הייבט זיך אָן דעמאָלט ווען מע באַקומט דעם באַוווסטזיין פון דעם וואָס מע טוט. ס׳איז אפשר גאָר נישט קיין צופאַל וואָס די היינטיקע רייכסטע קולטור־שפּראַכן (חוץ דייטש) ווי ענגליש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, איטאַליעניש האָבן איין וואָרט פאַר באַוווסטזיין און געוויסן. דאָס וואָרט איז ,conscience conscience, conciencia, concienza.

געוויסן ווערט באַצייכנט ווי אַ „נאָרמאַטיווער אורטייל“, גלייך ווי ער וואָלט פעיִק געווען זיך אַליין צו געבן זיינע געזעצן, ווייל געוויסן מיינט די אייגנשאַפט צו אורטיילן וועגן דעם מאָראַלן ווערט פון מענטשלעכע האַנדלונגען. און דאָ קומט אויף די קאָנפוזיע. אויב דער געוויסן איז דער זעלבסט־געקרוינטער געזעץ־געבער איז פאַר וואָס זאָל

ער איין מאָל זיין מאָראַליש גוט און אַן אַנדער מאָל מאָראַליש שלעכט. פאַר וואָס איז גוט דער געוויסן ווען ער שטייט איין ביים צדיק און פאַר וואָס ווערט ער שלעכט ווען ער שטייט איין ביים רשע? ווי איז דאָס מעגלעך אַז די מענטשלעכע שפּראַך און דער פאָרשערישער מענטשלעכער געדאַנק זאָל נישט קענען אָפּטיילן צווישן טומאה און טהרה?

פאַר די רעלאַטיוויסטן איז דאָס קיין פּראָבלעם ניט. ווייל גראָד אין דעם געפינען זיי אַ באַשטעטיקונג פאַר זייערע הנחות. היות יעדער האַנדלונג ווערט באַשטימט פון באַדינגונגען ווערט אויך דער געוויסן באַשטימט פון באַדינגונגען. אין פּרינציפּ איז פאַר די רעלאַטיוויסטן בכלל נישט פאַראַן קיין צדיקים און קיין רשעים, יעדער איינער האַנדלט לויט דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אָדער קלאַס צו וועלכן ער געהערט. יעדער איינער האַנדלט לויט דעם רעזשים אונטער וועלכן ער לעבט. אויב דער רעזשים איז אַ מערדערישער מוזן די מעשים פון אַלע אונטערטאַנער זיין מערדעריש. פאַר דעם אויסגעהאַלטענעם רעלאַטיוויסט איז דער מענטש אין גאַנצן פריי פון אחריות. ניטשע, וואָס איז געווען איינער פון די באַגרינדערס פון דעם רעלאַטיוויזם, האָט געזאָגט אַז „דער געוויסן איז אַ פּאַראַט קעגן לעבן". ווייל בלויז די וועלכע האָבן אויסגעטראַכט די „שקלאַפן מאָראַל", וואָס נעמט זיך אָן פאַר די שוואַכע און אָרעמע, האָבן געקענט אויסטראַכטן אַזאַ זאַך ווי געוויסן.

בקיצור, געוויסן איז נישט קיין בלינדער אימפּולס, נאָר איז אַזאַ קריטעריום וואָס אורטיילט נישט לויט אינטערעסן, נאָר לויט פּרינציפּן. יעדער איינער פילט עס ווען ער באַגייט אַן עוולה. די חרטה וואָס מע האָט אויף אַ באַגאַנגענעם מאָראַלן פעלער איז נישט צוליב דעם מאַטעריעלן שאָדן וואָס מע האָט עמעצן דערמיט געקענט ברענגען, נאָר צוליב דעם וואָס מע האָט עובר געווען אויף אַזעלכע פּרינציפּן אויף וועלכע עס האַלט זיך די מענטשלעכע חשיבות.

דאָס וואָס מע רופט די „שטים פון געוויסן" דאַרף מען רופן די שטים פון אַזעלכע פּרינציפּן וואָס דריקן אויס די מענטשלעכע חשיבות. ווען סאָקראַט קלייבט אויס בעסער דעם טויט איידער צו לעבן אָן חשיבות טוט ער עס אויס רעספּעקט פאַר אַזעלכע פּרינציפּן וועלכע זיינען פאַר אים טייערער ווי דאָס לעבן. סאָקראַט זאָגט צו די ריכטער:

„מיין גאַנצע אָנשטרענגונג איז איבערצוצייגן יונגע און אַלטע, אַז ס׳איז בעסער צו זאָרגן פאַר דער נשמה און פאַר איר פּערפעקציאָנירונג איי־דער צו זאָרגן פאַרן גוף און פאַר רייכקייט. — — — אויב אָט די רייד מיינע פאַרדאַרבן די יוגנט בין איך זיך מודה אַז איך קען אַנדערש נישט טאָן. ווען איך זאָל אַפילו דאַרפן שטאַרבן טויזנט מאָל וועל איך אַנדערש נישט טאָן״.

ס׳איז קלאָר אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן רעספּעקט צו אַ פּרינציפּ. זוען דער פּרינציפּ וואָלט געווען אַן אוממאָראַלישער וואָלט אויך סאָק־ראַטס האַנדלונג געווען אוממאָראַליש.

גוט אָדער שלעכט, גערעכט אָדער אומגערעכט איז נישט דאָס וואָס מע רופט די „שטים פון געוויסן״, נאָר גוט אָדער שלעכט, גערעכט אָדער אומגערעכט איז דער „מאָראַלער ווערט״ (פּרינציפּ, אידעע, ציל) וואָס מען רעאַליזירט דערמיט. אויב דער „ווערט״ איז מאָראַליש וועט אויך די רעאַליזירונג זיין מאָראַליש.

דאָס אייגענע זעען מיר אויך ביי די הענקערס. אויך זייער האַנד־לונג באַשטימט נישט זייער „שטים פון געוויסן״, נאָר דעם ווערט (פּרינ־ציפּ, אידעע, ציל) וואָס זיי רעאַליזירן. ווייל **די מאָראַלע ווערטן זיינען אָביעקטיווע און קיינעמס געוויסן קען נישט מאַכן, אַז דאָס וואָס איז שלעכט זאָל ווערן גוט, אָדער פאַרקערט.**

מיט רעכט קען מען פרעגן, אויב דאָס געוויסן ווערט רעדוצירט צו פּרינציפּן איז אין וואָס דאַרף זיך באַזירן דער קריטעריום ביים אויס־קלייבן פּרינציפּן? אַ ענטפער אויף דעם קען מען געפינען אין דעם פאַקט וואָס די וועזנטלעכע אייגנשאַפט פון דעם מענטשנס נאַטור איז אויס־צוקלייבן שטענדיק דאָס וואָס איז לאָגיש נויטווענדיק און אוניווערסאַל גילטיק. והראיה, יעדער מענטש ווייסט וואָס אַזוינס ס׳איז מאָראַליש גוט און וואָס אַזוינס ס׳איז מאָראַליש שלעכט. אויב עמעצער קלייבט אויס דאָס שלעכטע איז עס פּשוט דערפאַר ווייל ער וויל זיך מאָראַליש אָפּנאַרן און יענעם מאָראַליש אָפּנאַרן אָדער, בעסער געזאָגט, ווייל ער וואַרפט אין גאַנצן אָפּ די מאָראַלע ווערטן.

די „שטים פון געוויסן״ קען קיין מאָל נישט פאַרטיידיקן קיין רשעות, נאָר וועט שטענדיק פאַרטיידיקן די הומאַניסטישע אייביקע און אַבסאָ־לוטע מאָראַלע ווערטן.

## 16. דאָס אוניווערסאַלע ווי דער יסוד פון די אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן

אין אַלע צייטן איז דאָס אוניווערסאַלע געבראַכט געוואָרן ווי אַ באַוויז אַז אַ האַנדלונג איז אַ גערעכטע אָדער אַ מאָראַלישע. אין דעם יידישן געבאָט „דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין", ליגט שוין די אוניווערסאַלע אידעע. עס הייסט, דו זאָלסט טאָן צו יענעם דאָס וואָס דו ווילסט אַז מע זאָל טאָן צו דיר. נאָך קלאָרער ווערט אָט דער געדאַנק פאָרמולירט אין הלל הנשיאס זאָג, מה דסני עלך, לחברך לא תיעבד (וואָס דו ווילסט נישט אַז מע זאָל דיר טאָן, טו נישט דעם אַנדערן).

קאַנט האָט קריטיקירט אָט די מימרא. ער האָט געשריבן אַז דער וואָס איז צופרידן מיט זיך קען זאָגן: היות איך וויל נישט מע זאָל מיר טאָן טובות, וויל איך אויך אַנדערע נישט טאָן קיין טובות. אַזוי קען אויך דער פאַרברעכער זאָגן אַז אויב דער ריכטער וויל נישט מע זאָל אים פאַרמשפּטן דאַרף ער אויך נישט וועלן פאַרמשפּטן דעם פאַרברעכער (55).

דער אמת איז אָבער אַז דאָס זיינען בלויז אויסנאַמען וואָס באַשטעטיקן דעם כלל. ביז איצטער האָט נאָך קיינער נישט אַנטדעקט קיין בעסערן באַוויז אָדער וועגווייזער פאַר דער מאָראַליטעט פון אַ האַנדלונג ווי דער „אוניווערסאַלער געזעץ". אויך קאַנט האָט נישט געפונען קיין אַנדער נאָרמע פאַר זיין פאָרמאַליסטישער מאָראַל. אויך ער האָט געעצהט: ווילסטו וויסן צי דאָס וואָס דו טוסט איז גוט? פרעג צי קען אָט די האַנדלונג דיינע אָנגענומען ווערן ווי אַ „אוניווערסאַלער געזעץ", וועלכן אַלע זאָלן זיך קענען פאַרפליכטן אויסצופירן. אויב דיין האַנדלונג קען ניט אָנגענומען ווערן ווי אַ „אוניווערסאַלער געזעץ", דערווייזט עס

(55) Ibidem . . . pág. 81.

אַז דו האַנדלסט צוליב אינטערעסן אָדער תאוות און קיין מאָל נישט צוליב אַ מאָראַלן געזעץ.

פאַרשטייט זיך אַז די רעלאַטיווע מאָראַל, וואָס באַזירט זיך אויף די באַדינגונגען אין וועלכן עס לעבט יעדער לאַנד, פאָלק, געזעלשאַפט אָדער קלאַס, מוז אָפּוואַרפן דעם „אוניווערסאַלן געזעץ". די אַבסאָלוטע מאָראַל אָבער, וואָס באַזירט זיך אויף אייביקע הומאַניסטישע ווערטן, געפינט אין דעם „אוניווערסאַלן געזעץ" אַ זיכערן אָנשפּאַר. סאָקראַט האָט אָט דעם געזעץ פאָרמולירט אויף אַזאַ אופן:

> גלייבסטו, זאָגט סאָקראַט צו היפּיאַסן, אַז דער [אוניווערסאַלער] געזעץ און גערעכטיקייט זאָלן זיין איין זאַך? זיינען פאַראַן נישט קיין געשריבענע געזעצן? — יאָ, זיכער, די אַלע וואָס זיינען די זעלביקע אין אַלע לענדער. — ווייסטו זאָגן אַז די מענטשן האָבן אַזוינע געזעצן איינגעשטעלט? — ווי איז דאָס מעגלעך, ווי באַלד זיי האָבן זיך קיין מאָל נישט געקענט פאַרזאַמלען אין איינעם און נישט זיי רײדן די זעלביקע שפּראַך (קסענאָפאָנט, סאָקראַטס אונטערהאַלטונגען).

דעם זעלביקן געדאַנק האָט ציצעראָן נאָך שאַרפער און סינטעטישער דעפינירט. ער האָט געשריבן אַז קיינער קען נישט אָפּשאַפן דעם אוניווערסאַלן געזעץ. „ער איז אין רוים נישט אַנדערש ווי אין אַטען, נישט ער איז אַנדערש היינט ווי ער וועט זיין מאָרגן... ער איז אוניווערסאַל און אומפאַרענדערט, שטענדיק דער זעלביקער ביי אַלע פעלקער און אין אַלע יאָרהונדערטער".

פון דעסט וועגן קען דער אוניווערסאַלער געזעץ דינען אין דער מאָראַל בלויז ווען מען ווענדט אים אָן אויף אַ **אינדוקטיוון אופן**. עס הייסט, ווען מע דרינגט פון דעם פּרט (יחיד) אויפן כלל. ווי, למשל, דאָס וואָס איך וויל נישט אַז מע זאָל מיר טאָן זאָל איך יענעם נישט טאָן. אַנדערש איז אָבער ווען מע באַנוצט דעם אוניווערסאַלן געזעץ אויף אַ **דעדוקטיוון אופן**. ווען מע וויל דרינגען פון דעם כלל אויפן פּרט (יחיד), ווי, למשל, די געזעלשאַפט אין וועלכער איך לעב איז פאַרדאָרבן וועל איך אויך זיין פאַרדאָרבן. דעמאָלט קען דאָס אוניווערסאַלע נישט דערווייזן אַז אַ מאָראַלער סיסטעם איז מאָראַליש.

די הערשנדיקע אוניווערסאַלע מאָראַלע אידעען באַזירן זיך דאָס רוב אויף פאָראורטיילן, איבערגלייבערישקייטן און קאָנווענציאָנאַליז-

מען. אזוי, למשל, איז שקלאַפעריי, אין אַ געוויסער תקופה, געווען אָנ־גענומען ווי אַ גערעכטע און נאָרמאַלע דערשיינונג. דער פעאָדאַל פלעגט ירשענען פון זיינע עלטערן, צווישן פאַרשיידענע גיטער, אויך קנעכט. חוץ דעם פלעגט ער ירשענען געוויסע רעכט אויפצומאָנען שטייערן ביי פויערים, וועלכע זיינען אים נישט געווען אונטערטעניק. דער דעמאָלטיקער אוניווערסאַלער מאָראַלער געזעץ האָט אין דעם נישט געפונען קיין זינד.

מע קען זאָגן, אַז יעדער דעדוקטיווע מאָראַל, וואָס באַזירט זיך אויף דער הערשנדיקער עפנטלעכער מיינונג, איז רעלאַטיוו און, אַז יעדער אינדוקטיווע מאָראַל, וואָס באַזירט זיך אויף דעם אינעווייניקסטן מאָ־ראַלן געזעץ, איז אַבסאָלוט.

## 17. ייִדישקייט ווי דער יסוד פון אייביקע מאָראַלע ווערטן

ווען מע רעדט וועגן עטיק אין ייִדישקייט קומט דאָס ערשטע אויפן זיכרון די געזעצן (חוקים און משפטים) וואָס ווערן אויסגערעכנט אין חומש און דאָס פלאַמיקע עטישע וואָרט פון די נביאים. אין דער אמתן אָבער געפינט זיך נישט דער יסוד פון דער ייִדישער עטיק אין דער ייִדישער געזעץ־געבונג, וואָס באַזירט זיך אויף מצוות און עברות, און אויך געפינט ער זיך נישט ביי די נביאים. ביידע וואַקסן זיי אַרויס פון דעם ייִדישן מיטאָס ווי מיר געפינען אים אין די ערשטע עלף קאַפּיטלעך פון ספר **בראשית**. אַזוי זיינען די געזעצן קאָדיפיצירט געוואָרן דאָס רוב אויף דער באַזע פון דעם מיטאָס, און די פייערדיקע עטישע רייד פון די נביאים זיינען געווען אַ צודרינגלעכע מאָנונג, אַז מען זאָל זיך אומקערן צו די אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן, וואָס זיינען שוין באַקאַנט געווען אין דער ייִדישער טראַדיציע. דער יסוד איז בכן דער ייִדישער מיטאָס.

דער מיטאָס קען שוין היינט נישט באַטראַכט ווערן ווי עפּעס וואָס איז פאַלש און אויסגעטראַכט. אָן דעם מיטאָס האָט דער פּאַרצייטיקער מענטש געלעבט אין אַ פולשטענדיקן גייסטיקן כאַאָס. מיטן מיטאָס איז אויפגעקומען די סיסטעמאַטיזירונג פון באַגריפן. דורך דעם מיטאָס באַקומען די זאַכן אַ זינען. עס קומט אויף די ערשטע ווערטן־סקאַלע. עס ווערט אָפּגעטיילט דאָס גוטע פון דאָס שלעכטע, דאָס שיינע פון דאָס מיאוסע. עס קומט אויף די סובלימירונג פון געפילן און באַגריפן. אָן מיטאָס וואָלט נישט געווען קיין גלויבן אין העכערע ווערטן.

אויך דער אויפקום פון די ייִדישע באַגריפן וועגן גוטס און שלעכטס, ווי זיי ווערן איבערגעגעבן אין ספר **בראשית**, זיינען איינגעוויקלט אין מיטאָסן. ווי עס שיינט האָט דער פּאַרצייטיקער מענטש אָנגענומען פאַר

„נאַטירלעך" דאָס גוטס, גלייך ווי אַנדערש וואָלט גאָר נישט מעגלעך געווען. אַ פּראָבלעם איז פאַר אים געווען דאָס שלעכטס; דערפון, די צודרינגלעכע פראַגע פון וואַנען קומט דאָס שלעכטס ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז אין אַ וועלט, וואָס איז „כולה טוב", זאָל זיך „אַריינרייסן" דאָס שלעכטס? ווערט דער מענטש געבוירן דערמיט אָדער קומט עס צוליב דעם מענטשנס זינד אָדער שולד?

אַלע מיטאָסן וועגן אויפקום פון שלעכטס האָבן בשותפותדיקע שטריכן. ביי די גאָר פּרימיטיווע פעלקער, ווי ביי די פאַרצייטיקע פעלקער. וועגן דעם זיינען פאַראַן צוויי מינים מיטאָסן. איינער וואָס דערקלערט דאָס שלעכטע מיט דעם וואָס מע האָט **פאַרלאָרן אַ גן־עדן** און דער אַנדערער מיט דעם וואָס **בייזע גייסטער** האָבן עס געבראַכט.

די מיטאָסן וועגן **פאַרלאָרענעם גן־עדן** קענען אויסגעדריקט ווערן אַזוי:

1) ס'איז געווען אַ צייט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פרייער און קיין שפּעטער, דער הימל איז דעמאָלט געווען זייער נאָענט צו דער ערד. אַזוי, אַז אַרויפקריכנדיק אויף אַ בוים אָדער אַ באַרג האָט מען געקענט אַרויף אויפן הימל. דעמאָלט איז דער צוטריט צו די געטער געווען זייער לייכט. 2) אין יענער צייט האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די חיות, און זיי האָבן מיט זיי געלעבט בשלום. 3) די מענטשן האָבן נישט געוווּסט וואָס ס'איז אַזוינס טויט. אַזוי אויך האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס עס מיינט אַזוינס אַרבעטן. זיי האָבן זייער שפּייז געהאַט ביי דער האַנט, און זיי זיינען געווען גליקלעך. זיי האָבן געלעבט אין אַ גן־עדן.

פּלוצעם אָבער קומט פאָר אַזאַ געשעעניש וואָס נעמט צו ביים מענטשן דאָס גליקלעכע לעבן; ער ווערט אַרויסגעשטויסן פון גן־עדן און עס קומען אויף אים אַזעלכע שלעכטסן פון וועלכע ער האָט פריער נישט געוווּסט. דער מענטש ווערט באַטראַכט ווי אַ געפאַלענער.

דער צווייטער מין מיטאָס באַשטייט פונעם גלויבן אַז דאָס שלעכטס, ווי קראַנקייט און טויט, קומט פון אַ בייזן גייסט, וועלכער האָט פאַרמשפט דעם מענטשן צו ליידן און אומצוקומען. געווען פעלקער וועלכע האָבן געגלייבט אַז עס זיינען פאַראַן גוטע געטער פאַר דאָס גוטע און שלעכטע געטער פאַר דאָס שלעכטע. אין דריטן יאָרהונדערט האָבן די גנאָסטישע דואַליסטן געגלייבט אַז עס זיינען פאַראַן צוויי אַנטאַגאָנישע

פּרינציפּן אָדער קוואַלן. איינער איז פון ליכט וואָס שטעלט פאַר דאָס גוטע און איינער איז פון פינצטערניש וואָס שטעלט פאַר דאָס שלעכטע, ווען די פינצטערניש באַזיגט די ליכטיקייט קומט אויף דאָס שלעכטס.

צווישן די מיטאָסן וועגן פאַרלוירענעם גן־עדן טיילט זיך דער ייִדי־שער מיטאָס אויס דערמיט וואָס דער מענטש נעמט אויף זיך פרייוויליק דאָס שלעכטס. גאָט זאָגט צו אָדמען:

**פון אַלע ביימער פון גאָרטן מעגסטו עסן: אָבער פון דעם בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס, פון אים זאָלסטו נישט עסן, וואָרעם אין דעם טאָג וואָס דו עסט פון אים, וועסטו זיכער שטאַרבן**
(בראשית, ב׳: 15־17).

און אָדם עסט פון עץ־הדעת און נעמט אויף זיך דעם טויט.

צוויי גרונט־באַגריפן דאַרפן דאָ אויסגעטיילט ווערן. ערשטנס אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ פרייען ווילן. ער האָט אַ מעג־לעכקייט אויסצוקלייבן דאָס וואָס ער וויל. צווייטנס, אַז דאָס וויסן איז זוויכטיקער פונעם עצם לעבן. בעסער צו נעמען אויף זיך דעם טויט איידער צו לעבן אין איגנאָראַנץ.

ביז גאָר וויכטיק איז דער אויסדרוק „דעת טוב ורע" (וויסן גוטס און שלעכטס), אין וואָס עס באַשטייט יעדער ווערטן־אורטייל. ווייל אַלע זאַכן קענען געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס פון גוט און שלעכט. דאָס באַציט זיך נישט בלויז אויף מאָראַלע ווערטן, נאָר אויך אויף אַלע אַנ־דערע ווערטן ווי שיין־מיאוס אָדער אמת־פאַלש. גלייך ווי עמעצער וואָלט געאורטיילט אַז גוט איז דאָס שיינע און שלעכט איז דאָס מיאוסע, אָדער אַז גוט איז דאָס אמתע און שלעכט איז דאָס פאַלשע. דאָס הייסט, אַז ביי ייִדן איז אַלץ געמאָסטן געוואָרן מיט דער מאָס פון גוט און שלעכט, בעת ביי די גריכן, למשל, איז אַלץ געמאָסטן געוואָרן מיט דער מאָס פון אמת (לאָגיש) און פאַלש (אומלאָגיש), אָדער מיט דער מאָס פון שיין און מיאוס. מיר זעען עס פון דער פּראָמעטעוס־לעגענדע. ווען צעוס דריקט אונטער די מענטשן און נעמט ביי זיי צו דאָס פייער, גנבעט פּראָמעטעוס דאָס פייער און ער גיט עס די מענטשן און לערנט זיי פאַרשיידענע קונסטן. צעוס בינדט דערפאַר צו פּראָמעטעוסן צו אַ פעלדז, וווּ אַ אָדלער שפּייזט זיך במשך דעם טאָג מיט זיין לעבער, וואָס פלעגט זיך דורך די נעכט אויסהיילן, ביז הערקולעס האָט אים באַ־

פרייט. פּראָמעטעוס ברענגט זיך פּאַר אַ קרבן נישט אויף צו לערנען די מענטשן אָפּצוטיילן גוטס פון שלעכטס, וואָס דאַרף זיין די מאָס פּאַר אַלץ, נאָר צו קענען אָפּטיילן דאָס שיינע פון דאָס מיאוסע.

די אידעע אַז דער מאָראַלער אורטייל איז דער פונדאַמענטאַלסטער און שטייט איבער אַלע אַנדערע אורטיילן זעט מען אויך דערפון וואָס אַט דער מיטאָס אידענטיפיצירט גאָט מיט דעם מאָראַלן אורטייל. די שלאַנג זאָגט צו חווהן:

**... גאָט ווייס אַז אין דעם טאָג וואָס איר עסט דערפון, וועלן זיך עפענען אייערע אויגן און איר וועט זיין אַזוי ווי גאָט צו וויסן גוטס און שלעכטס** (בראשית, ג׳: 5).

ווייטער אַ ביסל זאָגט גאָט:

**דער מענטש איז געוואָרן ווי איינער פון אונדז צו וויסן גוטס און שלעכטס** (בראשית, ג׳: 22).

דאָס זיין „אַזוי ווי גאָט״ מיינט פעיִק זיין צו אורטיילן זאַכן לויט דער מאָס פון גוט און שלעכט.

די ראָס פון אַט דעם מיטאָס טיילט זיך זייער וויייניק אָפּ פון די גרונט־שטריכן פון די אַנדערע מיטאָסן וועגן פאַרלוירענעם גן־עדן ביי די פּרימיטיווע פעלקער. פּונקט ווי ביי זיי, רעדט זיך אויך דאָ פון אַ צייט ווען די געטער פלעגן אַראָפּ אויף דער ערד און פלעגן זיך אויס־טענהן מיט די מענטשן. אויך דאָ ווערט גאָט פאַרגעשטעלט געוויס אַנט־ראָפּאָמאָרפיש (אין מענטשנס געשטאַלט). ער ווערט דאָ פאַרגעשטעלט כמעט אַזוי באַגרענעצט ווי דער מענטש. אַזוי רופט גאָט אָדמען און פרעגט אים „ווּ ביסטו?״ גלייך ווי אויך גאָט דאַרף מען זאָגן ווּ אַ מענטש געפינט זיך. און ווען אָדם זאָגט אים אַז ער האָט זיך באַהאַלטן ווייל ער איז נאַקעט, פרעגט ער אים: „ווער האָט דיר געזאָגט אַז דו ביסט נאַקעט?״, גלייך ווי גאָט וואָלט געוווען אַ מענטש וואָס ווייס נישט ווער עס האָט אָדמען געזאָגט. אָדער גלייך ווי גאָט וואָלט געוווען אַ מענטש און ווייס נישט וואָס אַזוינס אָדם מיט חווהן האָבן געטאָן.

אין אַט דעם מיטאָס איז נאָך פאַראַן געוויס פּאַגאַניסטישע און פּאָ־ליטעסטישע עלעמענטן. אַזוי האָט גאָט נייטיק אַ גאָרטן. עס זיינען פּאַ־ראַן ביימער מיט אַ מאַגישן כוח. עס רעדט זיך וועגן „גאָטס קינדער״ (בני־אלהים) און גאָט האָט מורא אַז דער מענטש זאָל נישט ווערן אַזוי

ווי ער. דאָך געפינען מיר זיך דאָ, ווערליק דעמאָלט, פאַר אַ רעוואָלו־ציאָנערן געדאַנק. דאָס שלעכטס קומט נישט פון אַ העכערן (געטלעכן) ווילן, אָדער פון „בייזע גייסטער", נאָר דער מענטש ברענגט אויף זיך דאָס שלעכטס דורך זיין אייגענעם ווילן. מיר געפינען זיך דאָ ממש פאַר אַ מאָראַלן קאַמף צווישן גאָט און מענטש. ביז גאָט ווערט געצוווּנגען זיך צו באַנוצן מיט כוח. און גאָט זאָגט:

**ווייל דו האָסט צוגעהערט צו דעם קול פון דיין ווייב און גע־געסן פון דעם בוים וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט, אַזוי צו זאָגן: זאָלסט פון אים נישט עסן; זאָל די ערד זיין פאַרשאָלטן פון דיי־נעטוועגן; מיט מאַטערניש זאָלסטו זיך נערן פון איר אַלע טעג פון דיין לעבן. — — — מיט דעם שווייס פון דיין פנים זאָלסטו עסן דיין ברויט, ביז דו קערסט זיך אום צו דער ערד; ווייל פון איר ביסטו גענומען געוואָרן; וואָרעם שטויב ביסטו און צו שטויב זאָלסטו זיך אומקערן** (בראשית, ג׳: 17—19).

מיר האָבן דאָ אַ קלאָרן ענטפער אויף דעם, פון וואַנען עס קומט דאָס שלעכטס פאַרן מענטשן; פאַר וואָס ער מוז אַזוי פיל ליידן אויף דער וועלט; פאַר וואָס דאָס לעבן איז אים אַזוי שווער צו דערטראָגן, און פאַר וואָס דער מענטש איז פאַרמשפּט זיך אומצוקערן צו דער ערד. פון דעסט וועגן ווערט ביים מענטשן צוגענומען בלויז די מעגלעכע מאַ־טעריעלע גיטער אָבער זיין אינעווייניקסט־גייסטיק לעבן ווערט דערפון נישט באַרירט. אַזוי בלייבט דער מענטש ביי זיין פרייהייט צו טאָן וואָס ער וויל, אפילו מורד צו זיין אין גאָט. אַזוי אַז דעם מענטשנס ווילן גע־פינט זיך ווייטער קעגן גאָטס ווילן.

דאָס נייע, פאַר יענער צייט, פון אָט דעם ייִדישן מיטאָס באַשטייט אין דעם וואָס אויך דער געטלעכער ווילן קען נישט צווינגען דעם מענטשן אַז ער זאָל נישט זינדיקן אָדער באַגיין פאַרברעכנס. עס דער־ווייזט אויך אַז דאָס שלעכטס איז נישט באַשאַפן געוואָרן, נאָר דעם מענטשנס זינד האָט אויף אים געבראַכט דאָס שלעכטס. חוץ דעם רייסט אָט דער מיטאָס איבער מיטן אַלגעמיינעם פאַרצייטיקן גלויבן, וואָס איז אויך אין אַ גרויסער מאָס געווען דער גלויבן פון מיטלעלטער, אַז די „בייזע גייסטער" (שדים און רוחות) זיינען עס די וואָס ברענגען דאָס שלעכטס, ווי קראַנקייט, הונגער און טויט.

פון אָט דעם מיטאָס לאָזט זיך אויך אָפּלערנען אַז לויט די ערשטע ייִדן ווערט די נשמה געבוירן ריין און אַז אַלץ וואָס עס געשעט שפּע־טער מיט דעם מענטשן זיינען מעשים פון זיין אייגענער דערפאַרונג. דאָס איז פּאַקטיש דאָס אייגענע וואָס מע רופט אין דער פילאָסאָפיע tabula rasa (גלאַטער טאָוול). דאָס הייסט אַז די נשמה, אָדער גייסט, ווערט געבוירן ריין ווי אַ טאָוול און דעם מענטשנס חושים שרייבן אויף אים אָן זייערע דערפאַרונגען. דער אויסדרוק שטאַמט פון אַרים־טאָטלען, ווי אויך פון די סטאָיִקערס. באַניצט דערמיט האָבן זיך זייער אַ סך די סכאָלאַסטיקערס. אָבער דערהויבן דעם באַגריף „גלאַטער טאָוול" צו אַ פילאָסאָפישן סיסטעם האָט דזשאָן לאָק (1632—1704). ער האָט דערמיט געוואָלט דערווייזן אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש באַ־שטייט בלויז פון די דערפאַרונגען וואָס מע אייגנט זיך אָן אין לעבן.

לויטן ייִדישן מיטאָס איז דער מענטש באַשאַפן געוואָרן ווי דאָס העכסטע און ריינסטע גוטס. ער איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט און האָט אַ ווילן וואָס קען זיך קעגנשטעלן אַפילו זיין באַשעפער. חוץ דעם איז ער די קרוין פון דער יצירה. אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן פון זיינעט וועגן.

דער זאָג „כי יצר לב האדם רע מנעוריו" (די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן), מיינט נישט ווי ס'איז אָנגענומען אַז דעם מענטשנס האַרץ איז געבוירן אַ שלעכטס. עס מיינט בלויז אַז פון דעם מאָמענט ווען ער האָט באַקומען אַ באַוווּסטזיין האָט דער מענטש געטראַכט צו טאָן שלעכטס.

דער מיטאָס מיטן פאַרלוירענעם גן־עדן האָט נישט געפונען אין די אַנדערע טיילן פון תנ"ך קיין גרויסן אָפּקלאַנג. מע האָט אָדמס זינד באַ־טראַכט פאַר אַ איינצלנעם פאַל, וואָס האָט נישט קיין שייכות צום מענטשנס נאַטור. אַזוי ווערט קינם פאַרברעכן נישט באַטראַכט ווי אַ ירושה פון זיינע עלטערן. אויך אין אַלע אַנדערע חטאים וואָס די ייִדן זיינען באַגאַנגען ווערט נישט באַשולדיקט אָדם. אין די נביאימס רייד וועגן זינד און גערעכטיקייט ווערט אָדמס חטא בכלל נישט דערמאָנט.

אַנדערש איז אָבער מיט די אַפּאָקריפישע ייִדישע שריפטן, ווי אויך מיט די קריסטלעכע שריפטן. זיי האָבן אָדמס חטא געמאַכט פאַר אַ אוניווערסאַלע שולדיקייט פון דעם מענטשנס נאַטור. אַזוי אַז דער טויט איז נישט געקומען פאַר די מענטשן ווי אַ אייביקער געזעץ, נאָר ווי אַ

שטראָף פאַר אַלע דורות צוליב אָדמס זינד. אַזוי אויך זיינען אַלע אַנ־
דערע ליידן אויף דער וועלט געקומען בירושה פון אָדמען.

די קריסטן רופן אָדמס חטא קדמון־זינד. דאָס הייסט, די ערשטע זינד
וואָס איז געקומען אויף דער וועלט און וואָס גייט איבער צו דער
מענטשהייט פון דור צו דור, גלייך ווי יעדער איינער וואָלט די זינד
אַליין באַגאַנגען. דער ערשטער וואָס האָט אַזאַ שטעלונג פאָרמולירט
איז געווען פוילוס אין די קאָרינטער און אין די רוימער. אָבער ערשט
אויגוסטינוס האָט פון איר געמאַכט די יסודותדיקע דאָגמע פונעם קאַ־
טאָליציזם, וואָס געדויערט נאָך ביז היינט. דער וואָס לייקנט אין דעם,
ווערט באַטראַכט פאַר אַן אפּיקורס.

פאַר יידן איז דער מיטאָס פון אָדמס חטא אַ באַוויז אַז דאָס
שלעכטס איז נישט באַשאַפן, נאָר עס קומט צוליב דעם מענטשנס זינד;
אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ פרייען ווילן; אַז צוליב
דעם קענען אָפּטיילן גוטס פון שלעכטס, וואָס דאָס דאַרף זיין די מאָס
פאַר אַלץ, איז כדאי צו נעמען אויף זיך אַפילו דעם טויט; אַז דער
מענטש ווערט געבוירן ריין ווי אַ „גלאַטער טאָוול" און די דערפאַרונ־
גען באַשטימען וואָס אַזוינס ער זאָל זיין.

דער מיטאָס וועגן ערשטן ברודער־מאָרד ווערט פאַרגעשטעלט ווי
אַן אַקט פון קנאה. צוויי ברידער האָבן געבראַכט מתנות (קרבנות) צו
גאָט. איינעמס (הבלס) קרבן איז אָנגענומען געוואָרן און דעם צווייטנס
(קינס) קרבן איז נישט אָנגענומען געוואָרן. האָט עס קינען זייער גע־
ערגערט. האָט גאָט געזאָגט צו קינען:

**אויב דו וועסט נאָר גוטס טאָן וועסטו אויפגענומען ווערן. און
אויב דו וועסט נישט גוטס טאָן, הויערט די זינד ביי דיין טיר; און
צו דיר איז איר גלוסטונג, אָבער דו קענסט געוועלטיקן איבער איר**
(בראשית, ד': 7).

אויך דאָ ווערט באַטאָנט די פרייהייט וואָס דער מענטש האָט. גאָט
זאָגט, דו קענסט געוועלטיקן איבער דער זינד, דו דאַרפסט נאָר ווען.
דו דאַרפסט נאָר ווען גוטס טאָן, דעמאָלט וועט דיין מתנה אויך אָנגע־
נומען ווערן. אָבער קין טוט נישט קיין גוטס און באַהערשט נישט דאָס
בייז, און ער הרגעט זיין ברודער.

קינס שטראָף שיינט דאָ צו זיין גאָרנישט וועדליק דעם פאַרברעכן

וואָס ער איז באַגאַנגען. עס קומט אויס אַז גאָט האָט גאָר באַלוינט קינען; ער האָט אים געמאַכט אַ צייכן, „אַז קיינער וואָס טרעפט אים זאָל אים נישט דערהרגענען". קין ווייס אָבער אַז ער האָט מיט זיין פאַרברעכן פאַרדינט דעם טויט. „וועט זיין, זאָגט ער, ווער נאָר עס טרעפט מיך וועט מיך דערהרגענען". וויכטיק איז דאָ נישט אַזוי די שטראָף ווי דער באַוווּסטזיין וואָס ער האָט פון דעם פאַרברעכן וואָס ער איז באַגאַנגען. וויכטיק זיינען דאָ אויך די אַנגסטן וואָס ער האָט פאַרן טויט. דאָס אַליין באַטראַכט ער פאַר אַזאַ שטראָף וואָס איז פאַר אים „צו גרויס איבערצוטראָגן" (**בראשית, ד': 13**). אין אָט דעם מיטאָס ווערט פאַרשטאַנען דער טויט אין אונדזער היינטיקן מאָדערנעם זינען, ווי עפּעס וואָס איז גאָרנישט, ווי עפּעס וואָס איז אַן אַבסאָלוטער נישט-זיין. פאַרקערט, די פאַרצייטיקע פעלקער האָבן דעם טויט באַטראַכט בלויז ווי אַן איבערגאַנג צו אַן אַנדער פאָרעם פון זיין. דערפון דער געדאַנק פון תחית-המתים און השארת-הנפש.

אין קינס מורא אָדער אַנגסטן פאַרן טויט איז דאָ די מורא פאַרן נישט-זיין; פאַר דעם אויפהערן זיין, און נישט פאַר דעם איבערגאַנג צו אַן אַנדער פאָרעם פונעם זיין. ווייל ווען דער טויט וואָלט אין אָט דעם מיטאָס פאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַ איבערגאַנג צו אַן אַנדער לעבן וואָלט זיך עס זיכער געזאָגט, און די מורא פאַרן טויט וואָלט דאָ גאָרנישט געווען אַזאַ שרעקלעכע.

קינס שטראָף איז דאָ אַ ריין פּסיכאָלאָגישע. זי באַשטייט פון דעם באַוווּסטזיין וואָס ער האָט פון דעם פאַרברעכן וואָס ער איז באַגאַנגען און פון די אַנגסטן אָדער מורא וואָס ער האָט פאַר דעם טויט, וואָס עס דערוואַרט אים דערפאַר, פאַרן טויט, ווי אַ נישט-זיין.

דער עצם מיטאָס וועגן אַ ברודער-מאָרד איז כמעט אַ אויסנאַם-פאַל אין דער גאַנצער פאַרצייטיקער מיטאָלאָגיע. אַלע מאָרדן זיינען פאַרבונדן מיט געטער, אָבער אַז פון דעם וואָס אַ מענטש האָט געהרגעט אַ מענטשן זאָל מען מאַכן אַ וועזן איז אַפּנים נאָר מעגלעך געווען ביי יִדן. אין דעם **גילגאַמעש-עפּאָס**, לערך מיט צוויי טויזנט יאָר פ"ק, באַקלאָגט דער העלד גילגאַמעש דעם טויט פון זיין חבר. אָבער זיין חבר ענקידו איז געפאַלן אַ קרבן פון גאָט ענליל. דאָס הייסט אַז אויך דאָ ווערט באַטראַכט דער מאָרד ווי אַ שטראָף פון גאָט אָדער פון אַ „בייזן גייסט". דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן פּראָבלעם פון ברודער-מאָרד.

די לעגענדע וועגן אַ מבול, וואָס קומט אויף דער ערד, איז אין פאַרשיידענע פאָרמען פאַרשפּרייט געווען אין בבל, מצרים, סיריע, אינ־דיע א״אַ. אַזוי אויך געפינט מען אַזוינע לעגענדעס אין די שפּעטערדי־קע גריכישע מיטאָלאָגיעס. די ייִדישע ווערסיע האָט זיך, ווי עס שיינט, אינספּירירט אין דער באַבילאָנישער לעגענדע וועגן מבול, וואָס מע גע־פינט אין דעם גילגאַמעש־עפּאָס. דער חילוק איז דאָ אין דער אידעיִשער ריינקייט ווי אין דעם מאָראַלן הינטערגרונט. אין דער באַבילאָנישער לעגענדע ווערט דערציילט, אַז ווען דאָס וואַסער האָט שטורמיש פאַר־פלייצט די ערד און די ערד איז פאַרזונקען געוואָרן אין פינצטערניש, „זיינען די געטער אַנטלאָפן פון דער ערד אויפן הימל אַרויף, צו אַנו, און דאָרט האָבן זיי געיאָמערט ווי די הינט, און די געטין אישתר האָט געשריגן ווי אַ געווינערין״.

מיר האָבן דאָ אַ באַווייז ווי אַזוי דער פּאָליטעיִסטישער גלויבן איז אידעיִש אָדער לאָגיש פאַרקריפּלט. מע דאַרף נישט מיינען אַז די באַ־בילאָנער האָבן געהאַט אַן אַנדער לאָגיק ווי די ייִדן אָדער ווי מיר היינט. דאָך איז פאַר זיי אויסגעקומען זייער לאָגיש אַז די געטער זאָלן אַנטלויפן פאַר אַ פאַרפלייצונג און זיי זאָלן יאָמערן ווי הינט. ווי ווייט ס׳איז דערפון אין ספר בראשית דער ייִדישער באַגריף פון גאָט.

אָבער נאָך מער צייכנט זיך אויס די ייִדישע ווערסיע מיט דער אָנגעגעבענער סיבה פון דעם מבול. דער מחבר פון אָט דעם מיטאָס מאַכט דאָ אַזאַ שאַרפן און לאָגישן אַנאַליז פון דעם מענטשנס געפאַלנ־קייט, אַז זיינע רייד וואָלטן זיך אַפילו אויך זייער גוט געקענט צופּאַסן צו אונדזער צייט. ער זאָגט:

> **און גאָט האָט געזען אַז דאָס שלעכטס פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאַנצע טראַכטונג פון די מחשבות פון זיין האַרצן איז רק צום שלעכטס אַ גאַנצן טאָג, און גאָט האָט חרטה געהאַט וואָס ער האָט געמאַכט דעם מענטשן אויף דער ערד, און ער איז געווען באַקומערט אין זיין האַרצן. און גאָט האָט געזאָגט: איך וועל אָפּמעקן דעם מענטשן וואָס איך האָב באַשאַפן פון דעם געזיכט פון דער ערד** (בראשית, ו׳: 5־7).

דער מבול קומט נישט דערפאַר ווייל די מענטשן האָבן ווידערגע־שפּעניקט קעגן זייער גאָט, נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען מאָראַליש אַזוי

געפאַלן אַז גאָט האָט חרטה וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן. ווייל דאָס שלעכטס פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד. אונטער שלעכטס מיינט מען דאָ רויב און אומרעכט. ווי עס זאָגט זיך אין אַ ווייטערדיקן פסוק „און די ערד איז פאַרדאָרבן געוואָרן, און די ערד איז פול געוואָרן מיט אומרעכט” (ותמלא הארץ חמס) (**בראשית**, ו: 11). אַזוי אַז רויב און אומרעכט זיינען אַזוינע זינד צוליב וועלכע דער מין מענטש פאַרדינט אומגעבראַכט צו ווערן. פון דער אַנדערער זייט מיינט עס, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן צו טאָן גוטס. און גוטס איז דער העכערער ציל און זינען פון דער יצירה. און אַז געניסן פון לעבן האָט אַ רעכט נאָר דער גערעכטער. ווי גאָט זאָגט צו נחן:

**וואָרעם דיך האָב איך געזען גערעכט פאַר מיר אין דאָ־ זיקן דור** (בראשית, ז׳: 1).

די חרטה וואָס גאָט האָט אויף דעם וואָס ער האָט געטאָן איז דער הומאַניסטישער מאָמענט פון אָט דעם מיטאָס. דאָרט ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו צו פאַרשטיין דעם מענטשנס שוואַכקייט, אַז איינגנטלעך איז דער מענטש נישט באַשאַפן געוואָרן פּערפעקט. „וואָרעם די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן” (**בראשית**, ח׳: 21). דאָס הייסט, אַז דער באַוווּסטזיין אָדער דער פרייער ווילן איז שלעכט פון זייער אויפקום אָן.

**איך וועל מער ווידער נישט פאַרשילטן די ערד פון וועגן דעם מענטש... און איך וועל מער ווידער נישט דערשלאָגן אַלץ וואָס לעבט, אַזוי ווי איך האָב געטאָן** (דאָרט).

דאָס מיינט אָבער נישט אַז אויף ווייטער וועט שוין פאַרן מענטשן דערלויבט זיין צו טאָן דאָס שלעכטס וואָס אים וועט זיך גלוסטן. גאָט געמט אָן אַ נייע טאַקטיק. ער וועט יעדן איינעם באַצאָלן פאַר דאָס שלעכטס וואָס ער טוט. ער וועט אויפמאָנען דאָס פאַרגאָסענע בלוט.

**דער וואָס פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ מענטשן, זאָל דורך אַ מענטש זיין בלוט פאַרגאָסן ווערן; וואָרעם אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטש** (בראשית, ט׳: 6).

די גערעכטיקייט ווערט דאָ דערהויבן צו דעם הייליקסטן געבאָט, אַז דעם מענטשנס לעבן איז הייליק, ווייל אין דער געשטאַלט פון גאָט

איז ער באַשאַפֿן. עס מײנט דאָ נישט דער געזעץ פֿון עין תחת עין (אַ אויג פֿאַר אַ אויג), נאָר עס מײנט אַז דער וואָס פֿאַרגיסט דאָס בלוט פֿון אַ מענטשן דאַרף געמשפּט ווערן פֿון מענטשן. נישט גאָט דאַרף אים משפּטן, נאָר מענטשן דאַרפֿן אים משפּטן. די אַחריות פֿאַר דער הערשאַפֿט פֿון גערעכטיקײט ווערט איבערגעגעבן דעם מענטשן.

אין דעם מיטאָס וועגן דור הפּלגה ווערט דערציילט וועגן ערשטן אויפֿשטאַנד וואָס די מענטשן האָבן געמאַכט קעגן גאָט. דער טעקסט גופֿא איז דאָ זייער אַ קאַרגער. עס ווערט דערציילט אַז אויף דער ערד האָט דעמאָלט, אין דער ווייטער צייט, געהערשט „איין שפּראַך און איינע ווערטער" (שפה אחת ודברים אחדים). דאָס הייסט אַז עס האָט געהערשט אַחדות ביי מענטשן. האָבן זיי באַשלאָסן צו „בויען אַ שטאָט און אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל, — — — כדי נישט צעשפּרייט צו ווערן אויפֿן געזיכט פֿון דער גאַנצער ערד" (**בראשית, יא׳: 4**). גאָט האָט אין דעם דערזען אַ געפֿאַר פֿאַר זיך, און ער האָט געזאָגט:

**זע, זיי זיינען איין פֿאָלק, און איין שפּראַך איז ביי זיי אַלעמען, און דאָס איז ערשט אָן אָנהייב פֿון זייער טאָן, און אַצינד וועט פֿון זיי ניט פֿאַרמיטן ווערן אַלץ וואָס זיי טראַכטן צו טאָן**

(בראשית, י״א׳: 6).

די מענטשן באַקומען אַזאַ כוח אַז ווער ווייס צו וואָס זיי קענען זיך דערטראַכטן צו טאָן. גאָט ווייזט זיך דאָ אוממעכטיק לגבי דעם מענטשנס אייניקייט, און לגבי זייער געוואַגטקייט צו ווילן דערגרייכן דעם הימל. דעריבער באַשטימט ער צו „צעמישן זייער שפּראַך, אַז זיי זאָלן נישט פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס שפּראַך". און די מענטשן גיבן אויף זייער פּלאַן צו בויען זייער שטאָט און צו בויען זייער טורעם און זיי ווערן צעשפּרייט.

דער מיטאָס ווייזט דאָ אויף דעם געוואַלדיקן שעפֿערישן כוח וואָס ליגט אין דעם מענטשנס אייניקייט. אַז ווען זיי זיינען אייניק קענען זיי אַפֿילו דערגרייכן דעם הימל. פֿון דער צווייטער זייט ווייזט ער אָן אויף דעם צעשטערערישן כוח וואָס ליגט אין דער אומאייניקייט, אָדער אין דעם נישט קענען אָדער נישט וועלן פֿאַרשטיין איינע די אַנדערע. ווייל ווען די מענטשן פֿאַרשטייען זיך נישט איין ברענגען זיי אַ אומגליק אויף זיך. אויך דערווייזט עס אַז דאָס שלעכטס איז נישט קיין איינגע-

בוירנס ביים מענטשן, נאָר זיינע מעשים ברענגען אויף אים דאָס שלעכטס. דאָס הייסט, אַז דער מענטש גופא איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין גורל.

דער גאָט פון ספר **בראשית** איז אַ אוניווערסאַלער. ער געהערט צו דער גאַנצער מענטשהייט, ווי צום גאַנצן באַשאַף. ער איז נאָך נישט דער גאָט פון ייִדישן פאָלק, ווייל אין ספר **בראשית** איז נאָך בכלל נישט פאַראַן קיין ייִדיש פאָלק. ווי דער ערשטער „עברי" אָדער העב־רעער ווערט באַצייכנט אַברהם. און ווען מע זאָל אַפילו אָננעמען די השערה אַז אונטערן נאָמען אַברהם האָט זיך געפונען אַ גאַנצער שבט איז דאָס נאָך אויך ווייט צו זיין אַ פאָלק. גאָט זאָגט טאַקע צו אַברהמען אַז ער וועט פון זיינע קינדער (זאָמען) מאַכן אַזוי ווי די שטערן אין הימל. דאָס הייסט אַז ער וועט זיי מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק. אָבער ביז אַברהמען זיינען אַפילו קיין איינצלנע ייִדן נישט געווען. אַזוי זיינען אָדם, קין, הבל אָדער נח נישט קיין ייִדן. זיי זיינען די אָבות נישט דווקא פון ייִדן, נאָר פון אַלע פעלקער, ווי פון דער גאַנצער מענטשהייט. די פעלקער־צעטיילונג הייבט זיך אָן מיטן דור־הפלגה. און גאָט איז דער וואָס זאָרגט פאַר אַלע פעלקער. אַזוי ווערט געזאָגט וועגן נמרודן אַז ער איז געווען „אַ מאַכטיקער יעגער פאַר גאָט" (גיבור ציד לפני יהוה), (**בראשית,** י': 9). גאָט משפט סדום פאַר דעם שלעכטס וואָס די מענטשן פון סדום טוען (**בראשית,** י"ח: 16—19). אַזוי שיקט ער קיין מצרים זאַטע יאָרן און הונגעריקע יאָרן אאַז"וו.

די אידעע פון איין אוניווערסאַלן באַשעפער איז נישט אויפגעקו־מען, ווי מע מיינט, ביי די שפּעטערדיקע נביאים, נאָר זי איז אויפגע־קומען מיטן ייִדישן מיטאָס וועגן וועלט־באַשאַפונג. די ייִדישע אמונה איז פון איר אויפקום אָן, נאָך אין איר מיטאָלאָגישן צושטאַנד, שוין געווען אַ אוניווערסאַלע. דער ייִדישער גאָט (יהוה) איז דער באַשיצער פון אַלע מענטשן ווי פון אַלע באַשעפענישן. אוניווערסאַליטעט איז איינע פון גאָטס אייגנשאַפטן. די עצם התגלות פון גאָט, ווי זי דער־שיינט אין דעם ערשטן זאַץ „פון אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן הימל און ערד" איז פון עפּעס וואָס געפינט זיך איבער אַלץ און איבער אַלעמען. ווייל אַלץ וואָס איז פאַראַן קומט פון אים און ער וואַכט איבער אַלץ. אמת, גאָט האָט איבערגעגעבן דעם מענטשן די הערשאַפט איבער דער וועלט. ער האָט געזאָגט „פרוכפּערט אייך און מערט אייך, און פילט

אָן די ערד און באַצווינגט זי און געוועלטיקט איבער ... אַלעם לעבע־דיקן וואָס קריכט אויף דער ערד" (**בראשית, א׳:** 28). אָבער צווישן די מענטשן האָט גאָט קיין חילוק נישט געמאַכט. אַלעמען האָט ער באַשאַפן אין זיין געשטאַלט. און אַלע קענען געניסן פון דעם פרייען ווילן וואָס ער האָט זיי געגעבן.

ס׳איז אַ טעות צו מיינען אַז אונטער דעם לאָזונג „אלהי אברהם, אלהי יצחק, ואלהי יעקב" (גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב) דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַז גאָט געהערט בלויז צו זיי אָדער צו די דורות וואָס קומען אַרויס פון זיי. אויך צו זיי ווייזט זיך גאָט ווי אַ אוניווער־סאַלער, צו וועמען עס געהערט די גאַנצע וועלט און מיט וועמען ס׳איז פול די גאַנצע וועלט. נישט מער, צו די יידן ווייזט ער זיך מיט אַ ספּע־ציעלן חסד. אויך דער אויסדרוק „יהוה אלהינו" (גאָט אונדזער גאָט) דאַרף נישט פאַרשטאַנען ווערן אַז גאָטס הערשאַפט איז באַגרענעצט בלויז אויף דעם יידישן פאָלק. עס מיינט בלויז אַז די יידן זיינען די איינ־ציקע וועלכע האָבן אים, דעם וועלט־גאָט, דערקענט; זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד (ברית) מיט אים, זיי האָבן אויף זיך גענומען מקיים צו זיין זיינע געבאָטן און אויף זיין הילף און שוץ קוקן זיי אַרויס.

מיר זעען דאָס אויך פון דעם נדר וואָס יעקב האָט געטאָן ווען ער איז אַנטלאָפן פון זיין ברודער עשו.

> **און יעקב האָט אַ נדר געטאָן, אַזוי צו זאָגן: אויב גאָט וועט זיין מיט מיר און וועט מיך היטן אויף דעם דאָזיקן וועג וואָס איך גיי, און ער וועט מיר געבן ברויט צום עסן, און אַ בגד אָנצוטאָן, און איך וועל מיך אומקערן בשלום צו מיין פאָטערס הויז, וועט יהוה זיין מיין גאָט** (בראשית, כח׳: 20־21).

דאָס הייסט, אַז פריִער איז יהוה, דער וועלט־גאָט, נישט געווען יעקבס גאָט. ערשט שפּעטער, ווען גאָט קומט אים צו הילף אין זיין נויט און שיצט אים אין זיין וועג, באַזייטיקט יעקב די פרעמדע געטער און אָנערקענט יהוהן פאַר זיין גאָט (**בראשית, לה׳:** 2).

דערמיט אָבער וואָס יעקב באַזייטיקט די פרעמדע געטער און נעמט אָן יהוה פאַר זיין גאָט ווערט נישט יהוה דערפאַר אויס וועלט־גאָט. ס׳איז בכן אַ טעות צו מיינען אַז יהוה איז געווען אַ פאַמיליען גאָט, וואָס האָט זיך באַוויזן צו די אָבות און איז געווען בלויז זייער באַ־

שיצער. פאַרקערט, אַלע דערציילונגען פונעם ספר **בראשית** דערווייזן אַז די גאָט-אידעע ביי יידן איז געווען אַ אוניווערסאַלע. נאָך מער באַשטעטיקט זיך עס דערמיט וואָס גאָט איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ איין-און-איינציקער. כאָטש עס איז טאָלערירט געוואָרן די עקסיסטענץ אויך פון אַנדערע געטער איז דאָך די הערשנדיקע אידעע געווען, אַז גאָט איז איינער; בלויז יהוה איז אוניווערסאַל.

סדום ווערט נישט חרוב צוליב דעם ווייל די איינוווינערס פון דאָרטן האָבן נישט געבראַכט קיין קרבנות צו גאָט. סדום ווערט חרוב ווייל דאָס געשריי פון אומרעכט, וואָס ווערט דאָרט באַגאַנגען, האָט דער-גרייכט ביז צום הימל. פון דעסט וועגן ווערט אויך דאָרטן געמאַכט אַ חילוק צווישן דעם אומשולדיקן און שולדיקן. דער פרינציפ איז אַז דער אומשולדיקער טאָר נישט ליידן צוליב דעם שולדיקן. „חלילה דיר! — זאָגט אַברהם — זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער ערד נישט טאָן קיין גערעכטיקייט?" (**בראשית**, יח׳: 25). מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז לויט אָט דער לעגענדע, האָט קיין ייד זיך נישט געקענט פאָר-שטעלן אַז גאָט, וואָס דאַרף זיין דער העכסטער ריכטער, זאָל טאָן אומ-רעכט; אַז דאָס עטישע זאָל נישט זיין גאָטס פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט.

אַזוי אַז די אידעע פון גאָט וואָס איז דער סימבאָל פון צדק און משפט איז נישט אויפגעקומען ביי די נביאים אַחרונים, נאָר איז געקו-מען צוזאַמען מיטן אויפקום פון דער יידישער אמונה.

אין ספר **בראשית** ווערט פאָרגעשטעלט דער מענטש מיט אַ פרייען ווילן. זיינע האַנדלונגען ווערן נישט דעטערמינירט פון קיין דרויסנדיקן כוח, נאָר ווערן דעטערמינירט דורך זיינע אייגענע אינעווייניקסטע נויט-ווענדיקייטן. דעם מענטשנס האַנדלונגען ווערן פון קיינעם נישט אָנגע-פירט און זיי זיינען אויך נישט פאָרויסבאַשטימט. דער מענטש איז נישט אָפהענגיק פון אַ העכערער מאַכט אָדער העכערן וועזן, ווי דאָס איז, למשל, די השגחה, אוניווערסאַלער שכל אָדער גורל. ער איז בלויז אָפּ-הענגיק פון זיין אייגענער נאַטור. דאָס הייסט, ער האַנדלט בלויז בהסכם מיט זיין אייגענער נאַטור.

אין דעם מיטאָס וועגן בריאת-העולם געפינען מיר נישט קיין פאַרפליכטונג פון אָדמען צו דינען גאָט, אָדער זיך אונטערצוּוואַרפן גאָטס ווילן. אָדם איז באַשאַפן ווי אַ פרייער וועזן, וואָס באַשטימט אַליין זיין גורל. און גאָט אָנערקענט עס און וויל אַז דער מענטש זאָל אַליין טראָגן

די אַחריות פון זײַנע מעשׂים. דעריבער גיט ער אים די ברירה אויסצו־קלייבן.

דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן צו טאָן גוטס און צו טאָן גע־רעכטיקייט, אָבער דער פרייער ווילן וואָס ער האָט מאַכט אים אויס־קלייבן דאָס שלעכטס און דעם אומרעכט. דעריבער באַקומט דער מענטש זײַן פאַרדינטע שטראָף. אין יענער וועלט צייט האָט נאָך געהערשט די גערעכטיקייט פון שׂכר ועונש. אַז יעדער איינער זאָל כלומרשט באַ־קומען זײַן באַלוינונג לויט זײַנע פאַרדינסטן. דערפון די שטראָף וואָס קומט אויף אָדמען, קינען, אויף די מענטשן פון דור המבול, ווי אויף די מענטשן פון סדום. דאָס שלעכטס איז נישט קיין געשאַפענע, ווי אויך נישט קיין קדמון, נאָר דאָס שלעכטס קומט פאָר באַגאַנגענער זינד. אַז מע זינדיקט נישט, קען נישט קומען קיין שלעכטס. אַזוי אַז דער מענטש שאַפט זיך אַליין זײַן אייגענעם גורל. ער אַליין טראָגט די אַחריות פאַר דעם וואָס מיט אים קומט פאָר. ווײַל ער האָט די פרייהייט צו מאַכן פון זיך דאָס וואָס ער וויל. מיר זעען עס אויך פון עקדת־יצחק. ווען אַברהם וואָלט נישט געהאַט קיין פרייען ווילן וואָלט אים גאָט נישט געקענט אויספּרוּוון, צי וועט ער אים פאָלגן אָדער נישט.

דער פרייער ווילן מאַכט מעגלעך די מענטשלעכע חשיבות, וואָס איז דער היפּוך פון כבוד. ווײַל כבוד באַקומט מען פאַר פאַרדינסטן, פאַר גייסטיקער גבורה ווי פאַר פיזישער גבורה. מען קען אויך צונעמען דעם כבוד, ווען איינער פאַלט דורך אין זײַנע אָנשטרענגונגען אָדער ער ווערט איבערגעשטיגן. מע קען אויך מוותּר זײַן אויפן כבוד. אַמאָל האָט מען אַפילו געקענט ירשענען דעם כבוד, וועלכער פלעגט איבער־גיין פון די עלטערן צו די קינדער.

מענטשלעכע חשיבות אָבער קען קיינעם נישט געגעבן ווערן און קען ביי קיינעם נישט צוגענומען ווערן. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס דער מענטש קען אויף דעם נישט מוותּר זײַן. מע קען אַ מענטשן ווי שטאַרק דערנידעריקן אָבער זײַן מענטשלעכע חשיבות, אויב ער האָט נאָר אַזוינס, קען קיינער ביי אים נישט צונעמען. די מענטשלעכע חשי־בות האָט נישט קיין פּרייז און האָט נישט קיין עקוויוואַלענט; זי איז דאָס אייגענע וואָס פרייער ווילן אָדער ציל אין זיך.

אַט די מענטשלעכע חשיבות איז שוין פאַקטיש געווען אין די מי־טאָסן און דערציילונגען פון ספר **בראשית**. ווי אַ גרונטיקער ביישפּיל

קען גענומען ווערן די געשטאַלט פון אַברהמען. בלויז דורכן פרייען ווילן, דאָס הייסט, מענטשלעכע חשיבות, לאָזט ער איבער זיין לאַנד, זיין אָפּשטאַם און זיין פאָטערס הויז און לאָזט זיך אין דער פרעמד. און ווען עס ברעכט אויס אַ קריג צווישן זיינע פאַסטוכער און לוטס פאַס־טכער איז אַברהם מוותר אויף זיינע רעכטן און אויף זיין כבוד און ער האָט די מענטשלעכע חשיבות צו זאָגן: נעם דיר וועלכע טייל דו ווילסט.

**דאָס גאַנצע לאַנד ליגט פאַר דיר; שייד זיך אָפּ פון מיר, איך בעט דיך, ענטוועדער אויף לינקס, און איך וועל זיך נעמען רעכטס, אָדער אויף רעכטס און איך וועל זיך נעמען לינקס** (בראשית, ג: 9).

אַברהמס האַנדלונג איז דאָ פריי פון וועלכן ס'איז צוואַנג, אינטע־רעס, אייגן־ליבע אָדער כבוד. ער איז בלויז אונטערגעוואָרפן דעם מאָ־ראַלן געזעץ וואָס ער אַליין דיקטירט זיך. נאָך אַ ביישפּיל פון אַזאַ אומפאַראינטערעסירטער האַנדלונג געפינען מיר ביי אַברהמען ווען ער זאָגט זיך אָפּ צו נעמען עפּעס פון דעם פאַרמעגן וואָס דער מלך פון סדום וויל אים געבן (**בראשית, יד'**: 23).

אַברהמס איינשטעלן זיך פאַר גאָט אַז ער זאָל נישט אומברענגען אין סדום דעם אומשולדיקן צוזאַמען מיטן שולדיקן איז אויך באַזירט אויפן מאָראַלן געזעץ וואָס ווערט זיך אַליין דיקטירט. אַברהם קען נישט באַגרייפן ווי אַזוי ס'איז מעגלעך אַז „דער ריכטער פון דער גאַנצער ערד זאָל נישט טאָן קיין גערעכטיקייט" (**בראשית, יח'**: 25). און כאָטש אַברהם באַטראַכט זיך, אַז ער איז נישט מער ווי שטויב און אַש (עפר ואפר) איז ער דאָך נישט מוותר אויף זיין מאָראַלער רעכט אָדער מענטשלעכער חשיבות צו מאָנען גערעכטיקייט פאַר דעם אומשולדיקן.

סערען קיערקעגאַר, וועלכער באַטראַכט עקדת יצחק פאַר דער וווּנדערלעכסטער דערציילונג וואָס איז פאַראַן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, מיינט אַז אַברהם האָט מיט זיין גרייט זיין צו שעכטן יצחקן אָפּגעוואָרפן דעם מאָראַלן געזעץ און געמאַכט אַ שפּרונג ווייטער פון דער מאָראַל. מיינט עס, בכן, פרעגט ער, אַז אַברהם האָט געזינדיקט? דאַרף ער פאַראורטיילט ווערן? „מיר געפינען זיך דאָ, זאָגט ער, פאַר אַ פּאַראַדאָקס: ...אָדער די עטיק איז נישט די העכסטע רעאַליטעט אָדער אַברהם איז פאַרלאָרן".

אין דער מעשה מיט יוספן (מכירת יוסף) איז צוזאַמען מיטן פאַר־

ברעכן וואָס די ברידער זיינען באַגאַנגען מיט זייער ברודער אויך פאַראַן דערהויבענע מאָמענטן פון מענטשלעכער חשיבות. קודם, האָבן זיי געהאַט דעם באַוווּסטזיין פון זייער פאַרברעכן און מורא געהאַט פאַר דער שטראָף וואָס עס דערוואַרט זיי דערפאַר. אַזוי, ווען די ברידער זיינען אַרעסטירט געוואָרן אויף יוספס באַפעל האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן:

**פאַרוואָר, מיר זיינען שולדיק ווען אונדזער ברודער וואָס מיר האָבן צוגעזען דעם צער פון זיין זעל, ווען ער האָט זיך געבעטן ביי אונדז, און מיר האָבן נישט צוגעהערט. דעריבער איז אויף אונדז געקומען די דאָזיקע צרה. און ראובן האָט זיך אָפּגערופן צו זיי, אַזוי צו זאָגן: האָב איך אייך נישט געזאָגט פאַרזינדיקט אייך נישט אָן דעם יינגל? אָבער איר האָט נישט צוגעהערט: און אָט אויך ווערט זיין בלוט אויפגעמאָנט** (בראשית, מב׳: 21־22).

עס חזרט זיך דאָ נאָך אַ מאָל איבער דער געדאַנק, אַז ס׳איז נישט מעגלעך קיין פאַרברעכן (פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט) וואָס זאָל בלייבן אומבאַשטראָפט.

מיר געפינען דאָרט דעם טאַטנס זאָרג פאַר די קינדער און די קינדערס זאָרג פאַר אַן אַלטן טאַטן. אַזוי אויך די איבערגעגעבנקייט פון ברידער צו ברידער. יוספס בענקשאַפט נאָך בנימינען און זיין באַגעגעניש מיט בנימינען שיינט אַריבער איבער יאָרטויזנטער און רירט מיט איר סובלימירטן געפיל, גלייך ווי דאָס וואָלט געשען אין אונדזער צייט. אַזוי אויך רירט נישט ווייניקער דאָס וווּנדערלעכע בילד ווען יוסף לאָזט זיך דערקענען צו זיינע ברידער. פאַראַן אַזוי פיל מענטשלעכע געפילן אין דעם, אַז אונדזער דור, וואָס האָט געזען און זעט אַזוי פיל ברוטאַליטעט און מאָרד צווישן ברידער, פילט זיך דערנידעריקט לגבי דער פאַרצייטיקער גרויסקייט.

גאָר אַ באַזונדער פלאַץ פון מענטשלעכער חשיבות פאַרנעמט יהודהס באַגריף פון אַחריות. ער האָט גאַראַנטירט זיין טאַטן פאַר בנימינען, און ווען ס׳איז געקומען דער מאָמענט און בנימין איז פאַרהאַלטן געוואָרן האָט יהודה געזאָגט צו יוספן:

**וואָרעם דיין קנעכט איז ערב געווען פאַר דעם יינגל צו זיין פאָטער, אַזוי צו זאָגן: אויב איך וועל דיר אים נישט ברענגען, זאָל**

**איך זיין אַ פאַרזינדיקטער צו מיין פאָטער אַלע טעג. און אַצינד, איך בעט דיך, זאָל דיין קנעכט בלייבן אַנשטאָט דעם יינגל, אַ קנעכט צו מיין האַר, און דער יינגל זאָל אַרויפגיין מיט זיינע ברידער** (בראשית, מד׳: 32-33).

יהודה איז גרייט געווען צו געבן זיין לעבן פאַרן לעבן פון בנימינען, נישט דערפאַר ווייל ער האָט אַזוי ליב געהאַט בנימינען. עס ווערט אין ערגעץ נישט דערמאָנט, אַז יהודה זאָל האָבן ליב געהאַט בנימינען מער ווי די אַנדערע ברידער. יהודה איז גרייט צו געבן זיין לעבן ווייל ער האָט אויף זיך גענומען די אַחריות און איז ערב געווען פאַר אים. דאָס הייסט, ער האָט דעם מאָראַלן פרינציפ געשטעלט העכער ווי דאָס לעבן. נישטאָ אין דעם קיין שום דרויסנדיקער צוואַנג, נאָר בלויז די אינעווייניקסטע מענטשלעכע השיבות, וואָס איז אייביק און אַבסאָלוט, איז דאָ דער כוח וואָס צווינגט.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, געפינט זיך נישט דער יסוד פון ייִדישקייט אין די ייִדישע סאָציאַלע עטישע געזעצן ווי אויך נישט ביי די נביאים. זיי אַלע זיינען אַ פּראָדוקט פון דעם ייִדישן מיטאָס, וואָס האָט אויסגעדריקט אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן, און וואָס איז ביז היינט דער יסוד פון דעם אוניווערסאַלן הומאַניזם.

## 18. די אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן
## אין ספר א י ו ב

דער וויכוח וואָס ווערט געפירט צווישן איובן און זיינע פריינד איז אייגנטלעך אַ וויכוח צווישן דעם וואָס קעמפט פאַר „אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן" און די וואָס קעמפן אויף צו דערהאַלטן די רעלאַטיווע מאָראַלע ווערטן. איוב, אין זיין פאָדערן גערעכטיקייט, מאַכט נישט קיין שום קאָמפּראָמיסן און אָנערקענט נישט קיין שום אויטאָרי־טעט און וויל זיך אויך נישט רעכענען מיט קיין שום באַדינגונגען. זיינע פריינד, פאַרקערט, פאָדערן בלויז קאָמפּראָמיסן. וואָס ווייס דער מענטש, מסתמא האָט ער געזינדיקט, ווייל ס'איז גאָר נישטאָ קיין שטראָף אויב עס איז נישטאָ קיין זינד. זיי ווייסן בלויז פון דעם וואָס די געזעלשאַפט דערלויבט אָדער דערלויבט נישט. דעריבער האַלטן זיי זיך ביי דער קאָדיפיצירטער פּאָזיטיווער רעכט. איוב אָבער קעמפט פאַר נאַטור־רעכט. עס הייסט פאַר די איינגעבוירענע אייביקע און אַב־סאָלוטע מאָראַלע ווערטן.

מיטן ספר איוב הייבט זיך ביי ייִדן אָן (און אפשר נישט בלויז ביי ייִדן) אַ נייער באַגריף פון גערעכטיקייט, וואָס היינט רופט מען עס **נאַטור־רעכט.** דאָס איז אַ רעכט וואָס ווערט נישט געגעבן דורך אַ פרעמדן ווילן, וואָס קען קיין מאָל נישט זיין געגוג פּערפעקט, נאָר דורך די אימאַנענטע גייסטיקע כוחות וואָס געפינען זיך אין מענטשן גופא. דאָס איז אַ רעכט וואָס ווערט נישט געגעבן ווי אַ מתנה אָדער ווי אַ פועל־יוצא פון אַן אָפּמאַך אָדער הסכם, נאָר ווי עפּעס אַזוינס וואָס קומט אויף פון זיך אַליין, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ אומ־פאַרמיידלעכער אינעווייניקסטער באַדערפעניש. אַזאַ רעכט מוז זיך נישט האַלטן ביים פּרינציפּ צו זיין בהסכם מיט עפּעס וואָס געפינט זיך

מחוץ זיך, נאָר בהסכם מיט דעם וואָס איז אַדעקוואַט צו זיך. אַזאַ רעכט איז אומאָפּהענגיק פון סוביעקטיווע נטיות, ווייל עס דאַרף זיך אָריענ־טירן אויף דעם פּרינציפּ פון אָביעקטיווער שלימות; אויף דעם אידעאַל פון אַ גערעכטיקייט, נישט צוליב אַ וועלכן ס'איז ציל אָדער הסכם, נאָר אויף אַ גערעכטיקייט ווי אַ ציל אין זיך, ווי קאַנט האָט דאָס געפאָדערט פאַר דעם מאָראַלן געזעץ. אַזאַ רעכט באַזירט זיך נישט אויף דער האָ־פענונג צו באַקומען שכר אָדער אויף דער מורא פאַר שטראָף, נאָר עס באַזירט זיך אויף דעם באַוווסטזיין, אַז מע איז פריי פון וועלכן ס'איז אינעווייניקסטן אָדער דרויסנדיקן צוואַנג. אַזאַ רעכט טראָגט די סיבה אין זיך גופא, גלייך ווי זי וואָלט געווען איר אייגענע געזעץ־געבערן. אַזאַ רעכט באַזירט זיך נישט אויף אימפּולסן אָדער נטיות, נאָר באַ־זירט זיך אויף דעם פּרינציפּ וואָס באַהערשט און סובלימירט די אימ־פּולסן און נטיות. דערמיט זיינען אירע אימפּעראַטיוון לאָגיש נויטווענדיק און אוניווערסאַל גילטיק. דאָס אַליין איז שוין אַ גאַראַנטיע אַז אַזאַ רעכט קען נישט זיין אויפן חשבון פון אַן אַנדערנס רעכט.

ווען דער ספר **איוב** איז געשאַפן געוואָרן, לערך 500 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, זיינען אַזוינע אידעען געווען רעוואָלוציאָ־נער. די דעמאָלטיקע קולטור־וועלט האָט זיך געהאַלטן ביי די פּרימי־טיווע רעליגיעז־מיטאָסדיקע באַגריפן פון רעכט, וואָס זייער באַזע איז געווען דער פּרינציפּ פון באַלוינונג (שכר ועונש). דער פּאַרצייטיקער מענטש האָט נישט באַגריפן אַז עס זאָלן מעגלעך זיין נאַטירלעכע דער־שיינונגען. יעדער זאַך וואָס ס'איז מיט אים פּאָרגעקומען איז געווען שטרענג דעטערמינירט און האָט געהאַט איר זיכערע סיבה. דער געזעץ פון סיבותדיקייט האָט זיך באַזירט אויפן פּרינציפּ פון שולדיקייט אָדער פון טוגנט. אַזוי איז דער טויט ווי קראַנקייט פאַר אים קיין מאָל נישט געווען קיין נאַטירלעכע דערשיינונג, נאָר ס'איז געקומען ווי אַ שטראָף.

ווי אַזוי אָט דער פּרינציפּ ווירקט אין דער ייִדישער טראַדיציע איז נישט כדאי מאַריך צו זיין. דער תוך פון ייִדישקייט באַשטייט פון דעם גלייבן אַז גערעכטיקייט מוז הערשן אויף דער וועלט און אַז גאָט באַ־צאָלט יעדן איינעם לפי זיינע מעשים. אַ מאָל באַצאָלט ער דעם יחיד פאַר זיינע פּערזענלעכע מעשים און אַ מאָל באַצאָלט ער דעם קאָלעק־טיוו פאַר די מעשים פון יחידים, און אַ מאָל באַצאָלט ער די קומענדיקע דורות פאַר די מעשים פון זייערע עלטערן, ווי דאָס איז געווען מיט די

פאַרשיידענע אָפּמאַכן וואָס גאָט האָט געמאַכט מיט אונדזערע אָבות, און וואָס זייערע פּאָסטולאַטן זיינען אַלע קומענדיקע דורות מחויב אויסצופירן. ווען מיר זיינען זיי מקיים קומט דער שכר און ווען מיר זיינען, חלילה, עובר אויף זיי, קומט די שטראָף.

לויט דער באַבילאָנישער רעליגיע ווערט די וועלט רעגירט דורך אופאַרמיידלעכע יורידישע געזעצן, וואָס זייער ספּעציפישע פונקציע איז צו באַצאָלן יעדן איינעם לויט זיינע מעשים. אין דער עפּאָפּעיע פון „באַשאַפונג" דערשיינט דער גאָט מאַרדוק, ווי אַ נקמה־נעמער. זיין קאַמף קעגן דער געטין טיאַמעט און איר באַנדע ווערט פאַרגעשטעלט ווי אַן אַקט פון שטראָף. איידער מאַרדוק לאָזט זיך אין קאַמף זאָגט ער:

אויב איך דאַרף אין דער אמתן זיין אייער נקמה־נעמער,
צווינגענדיק טיאַמאַטן צו באַפרייען אייך,
גרייט צו אַ יום־טוב, מאַכט אַן אמתן מאַלצייט.

צום סוף זאָגט זיך, אַז זיי האָבן באַקומען זייער שטראָף און זיינען פאַרשפאַרט געוואָרן אין די תפיסות.

נישט אין אַ ערך אינטערעסאַנטער איז די שטעלונג פון די ערשטע גריכישע דיכטערס און דענקערס צום פּרינציפּ פון שכר ועונש. זיי זיינען געווען איבערגעצייגט אַז די „סיבותדיקייט" וואָס רופט אַרויס באַלוינונג איז אַ אוניווערסאַלער געזעץ, וואָס רעגירט דעם גאַנצן קאָסמאָס. אַזוי אַז אויף דער וועלט קומט נישט פאָר קיין שום זאַך וואָס זאָל נישט זיין בהסכם מיט „רעכט" אָדער „אומרעכט"; מיט עפּעס וואָס זאָל נישט דאַרפן באַלוינט ווערן מיט אַ שכר אָדער אָפּגעצאָלט ווערן מיט אַ שטראָף. העראַקליט (535—475 פ"ק) האָט געזאָגט אַז „די זון וועט נישט איבערגיין איר אָנגעצייכנטן וועג, ווען זי זאָל עס אָבער טאָן וואָלטן די עריניאָס (נקמה־גייסטער) און די משרתים פון דיקע (געטין פון באַלוינונג) שוין געוווסט ווי אַזוי זי צו צוימען". דאָס הייסט אַז די זון וואָלט שוין באַקומען איר שטראָף. דאָס איז געווען אין הסכם מיט העראַקליטס געדאַנק וועגן דעם לאָגאָס וואָס געפינט זיך אין אַלץ וואָס האַלט אויף דעם סדר פון דער וועלט. אָט דער לעגאַלער סדר באַשטייט פון דעם „געזעץ פון סיבותדיקייט" אויף וועלכן קיינער טאָר נישט עובר זיין. די סיבה איז דאָ די „שולד" און דער פּועל־יוצא, די „שטראָף".

דער באַגריף פון טראַנסמיגראַציע (גילגולים) פון די נשמות וואָס

האָט געהערשט אין גריכנלאַנד, באַזירט זיך אויף דער אידעע פון שטראָף. אַ נשמה וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט אין איין גוף גייט איבער, כדי צו באַקומען איר שטראָף, אין אַן אַנדער גוף פון אַ קלענערער מדרגה, ווי פון אַ ראַציאָנעלער באַשעפעניש (מענטש) אין אַ איראַציאָ־נעלער באַשעפעניש (חיה). די נשמות באַקומען נישט זייער שטראָף פאַר זינד תיכף, נאָר דאַרפן וואַרטן אויף זייער גילגול אין אַן אַנדער גוף, ווייל ווען נישט וואָלט עס געהייסן אַז זיי טוען גערעכטיקייט בלויז אוים מורא און נישט צוליב דער גערעכטיקייט גופא.

לויט דער גריכישער מיטאָלאָגיע איז דער מענטש אויפגעקומען פון דעם אַש פון די טיטאַנען, וועלכע צעוים האָט פאַרברענט, ווי אַ שטראָף פאַר האָבן אומגעבראַכט דעם יונגן גאָט דיאָניזאָס. דאָס אַש פון די טי־טאַנען האָט נאָך אין זיך געהאַט אַ געטלעכן פונק. דערפון, די טאָפּעלע נאַטור פונעם מענטשן וואָס באַשטייט פון אַ נשמה, וואָס האָט אין זיך געטלעכס, און פון אַ גוף וואָס איז זינדיק. דערפון, דער אייביקער קאַמף וואָס די נשמה פירט מיטן גוף אויף צו לייטערן זיך פון זיינע אומריינ־קייטן. אָט די לייטערונגען נייטיקן זיך אין עטלעכע ציקלען פון לעבן און טויט ביז די נשמה באַקומט איר לייטערונג. אין די האַדעס, דאָס אָרט וווּ די נשמות געפינען זיך נאָכן טויט, באַקומט יעדער איינער באַ־צאָלט לפי זיינע מעשים אויף דער ערד. און נאָך טויזנט יאָר ווערן די נשמות ווידער געבוירן אין אַ גוף. שטענדיק לפי יעדער איינעמס פאַר־דינסטן, אָדער יעדער איינעמס שולדן. אַ מאָל גייט די נשמה אַריין אין אַ פערד, אַ שעפס, אַ פויגל, אַ הונט אָדער אַ שלאַנג. אין דעם האָבן געגלייבט, מיט געוויסע וואַריאַנטן, אַזוינע דענקערס ווי אַנאַקסימאַנ־דער, עמפּעדאָקלעס, פּיטאַגאָר און זיינע תלמידים, און אַפילו סאָקראַט און פּלאַטאָן.

אַלע זיינען געווען זיכער אַז קיין שום זאַך קומט נישט פאָר אין דער נאַטור, עס זאָל זיך נישט האַלטן אויפן שטרענגן פּרינציפּ, אַז „טוגנט" ברענגט „שכר" און „שולדיקייט" ברענגט „שטראָף". דעמאָק־ריט האָט עס פאַרגליכן צו אַ מאַגנעט. אויב אַ מאַגנעט ציט צו אייזן איז עס דערפאַר, ווייל בײדע זיינען פון איין סובסטאַנץ. אַזוי ציט צו שולד, — שטראָף, און טוגנט, — שכר. מיטן אויפקום פון קריסטנטום איז די באַציִונג צווישן שולד (קדמון־זינד) און שטראָף, טוגנט און שכר נאָך שטאַרקער געוואָרן.

**
*

די אידעען פון ספר **איוב** זיינען פאַר דער תקופה אין וועלכער זיי זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן געווען אַבסאָלוט ניי. אויך היינט קענען מיר זיי נישט איבערשטייגן. די שטרעבונג צו אַזאַ גערעכטיקייט וואָס זאָל זיך נישט דווקא מוזן באַזירן אויף דעם פּרינציפּ פון שכר ועונש איז אויך היינט דער הייליקסטער אידעאַל פון דער ליידנדיקער מענטשהייט. איוב איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַר אַזאַ גערעכטיקייט גענומען אויף זיך די שווערסטע יסורים. זיין קאַמף פאַר אַזאַ נאַטור-רעכט געפינען מיר שוין אין דעם עצם סיפור-המעשה פון דעם ספר, ווי ער ווערט דערציילט אין דעם פּראָלאָג. גאָט באַרימט זיך מיט איובן, ער זאָגט אויף אים, אַז ס'איז נישטאָ נאָך אַזאַ ערלעכער און גאָטספאָרכטי־קער מאַן, וואָס זאָל אָפּקערן פון שלעכטס ווי ער. דער שטן אָבער, וואָס קען נישט פאַרשטיין קיין אַנדער רעכטלעכע אָרדענונג ווי די וואָס הערשט צווישן טוגנט און שכר, שולד און שטראָף, זאָגט אַז איוב איז ערלעך ווייל ער ווערט דערפאַר גוט באַלוינט. דער שטן זאָגט: פּרוּוו אָקאָרשט צונעמען ביי אים דעם גוטן שכר וועלן מיר זען צי וועט ער אויך דעמאָלט טאָן גערעכטיקייט. און ווען דער שטן נעמט צו ביי איובן אַלץ וואָס ער האָט און איוב טוט נישט קיין אומרעכט, חזרט דער שטן ווידער איבער זיין באַשולדיקונג, אַז איוב טוט נישט קיין אומרעכט ווייל זיין אייגן לייב האָט נאָך קיין שלעכטס נישט געליטן. זאָל ער אָקאָרשט אויף זיין אייגן לייב ליידן, וועלן מיר זען צי וועט ער אויך דעמאָלט אָפּקערן פון שלעכטס.

איובס רעאַקציע אויף דעם ערשטן נסיון, ווען עס ווערן ביי אים צוגענומען די קינדער מיטן גאַנצן פאַרמעגן, איז אַ לויב צו גאָט. אונ־טער גאָט דאַרפן מיר דאָ פאַרשטיין די שעפערישע נאַטור. ווייל ווען איוב וואָלט געגלייבט אין אַ גאָט ווי אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ ווילן צו טאָן גערעכטיקייט וואָלט ער באַלד געמוזט פּראָטעסטירן און פרעגן פאַר וואָס קומט דאָס אים? ער האָט דאָך נישט געזינדיקט. איוב פאַר־קערט זאָגט:

נאַקעט בין איך אַרויסגעגאַנגען פון מיין מוטערס לייב,
און נאַקעט וועל איך זיך אומקערן אַהין;
גאָט (נאַטור) האָט געגעבן, און גאָט (נאַטור) האָט צוגענומען.

(דער צוגאָב „געלויבט זאָל זיין גאָט" שיינט ווי צוגעגעבן נישט פון מחבר).

נישטאָ דאָ קיין סימן פון דעם דעמאָלטיקן אָנגענומענעם געזעץ פון טוגנט און שכר, פון שולד און שטראָף. די נאַטור האָט געהאַט געגעבן איובן גוטס אָן אַ פאַרוואָס, אַזוי אויך האָט זי ביי אים צוגענומען דאָס גוטס אָן אַ פאַרוואָס. אָט דער קריטעריום ווערט נאָך מער באַשטעטיקט פון דעם צווייטן נסיון. ווען איובס ווייב זאָגט צו אים: „לעסטער גאָט און שטאַרב". ענטפערט איוב:

אַזוי ווי עס רעדט איינע פון די נידערטרעכטיקע רעדסטו. זאָלן מיר דאָס גוטע יאָ אָננעמען פון גאָט (נאַטור) און דאָס שלעכטע זאָלן מיר נישט אָננעמען? ביי אַלעם דעם האָט איוב נישט געזינדיקט מיט זיינע ליפּן (ב', 10).

מיר האָבן דאָ נאָך אַ באַווייז אויף ווי וויט איוב האָט באַטראַכט זיין רעכט אויף גוטס און שלעכטס מחוץ דעם פּרינציפּ פון שכר ועונש. אַ מענטש דאַרף אָננעמען דאָס גוטע פּונקט ווי דאָס שלעכטע. זיין נאַטירלעכער חוב צו טאָן גערעכטיקייט מוז שטיין איבער גוטס און שלעכטס; אַליין איינס צי דאָס לוינט זיך יאָ אָדער נישט. איוב זאָגט:

לאָזט מיך אָפּ, און איך וועל ריידן,
און זאָל קומען אויף מיר וואָס עס וויל...
אָט וועט ער מיך טייטן — איך ריכט זיך אויף אים
אָבער מיינע וועגן וועל איך אויספּווייזן פאַר אים.
שוין דאָס וועט מיר זיין אַ הילף,
ווייל פאַר אים קען קיין פאַלשער נישט קומען. (י"ג, 13—16)

פאַר דער דאָגמאַטישער רעליגיע מיינט עס אַז איוב טענהט זיך דאָ אוים מיט גאָט, ווי אַ פּערזאָן, אין דער אמתן אָבער רעדט דאָ איוב צו גאָט ווי דער מאַקסימום אויסדרוק פון דעם נאַטור-שעפערישן כוח. ער ווייס אַז אָט וועט ער שטאַרבן. אָבער זיין רעכט נישט צו טאָן קיין פאַלשקייט וועט ער נישט אויפגעבן. שוין דאָס אַליין וועט פאַר אים זיין אַ הילף אין זיין אומגליק. דערמיט דערקלערט זיך אויך פאַר וואָס איוב חזרט אָפּט איבער אַז ווען דער מענטש שטאַרבט קומט ער אום און האָט נישט קיין האָפענונג אויף דאָס ניי לעבעדיק צו ווערן. דער צדיק ווי דער רשע ליגן אין איינעם אין שטויב און ווערעם דעקן זיי

צו (כ״א, 23). אָבער מער פון אַלעמען זאָגט עס איוב אין דעם וווּנדער־לעכן קאַפּיטל י״ד. דאָס קאַפּיטל הייבט זיך אָן מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם טראַגישן גורל פון דעם מענטשן.

דער מענטש, געבוירן פון אַ פרוי,
האָט קורצע טעג און זאַט מיט פאַרדראָס,
ווי אַ בלום קומט ער אַרויס און ווערט פאַרשניטן,
און ער אַנטלויפט ווי אַ שאָטן און באַשטייט נישט.
און אויף אַזעלכן האָלטסטו אָפן דיינע אויגן.
— — — — — — — — — — — — —
גרענעצן האָסטו אים געמאַכט וואָס ער קען נישט אַריבער.

דערנאָך קומען באַטראַכטונגען וואָס דערווייזן, אַז די נאַטור האָט געקריוודעט דעם מענטשן מער ווי אַלעמען אין דעם באַשאַף.

וואָרעם פאַר אַ בוים איז דאָ אַ האָפענונג
אַז ער ווערט אָפּגעשניטן, באַנייט ער זיך ווידער,
און זיין שפּראָץ הערט נישט אויף.
אַז אַלט אין דער ערד ווערט זיין וואָרצל ,
און אין שטויב שטאַרבט אָפּ זיין שטאַם,
פון ריח פון וואַסער בליט ער אויף,
און לאָזט ריטלעך אַרויס ווי אַ פלאַנצונג.
אָבער אַ מאַן שטאַרבט און פאַלט אַוועק,
און פאַרגאַנגען דער מענטש, און ווו איז ער?
— — — — — — — — — — — — — —
און דער מענטש לייגט זיך און שטייט נישט אויף.
— — — — — — — — — — — — — — —
אַז אַ מענטש שטאַרבט, וועט ער דען לעבעדיק ווערן?

די מפרשים זעען אין אָט די שטעלן אַ באַווייז אַז בעת דער ספר־איוב איז געשאַפן געוואָרן האָבן נאָך יידן נישט געגלייבט אין תחית המתים אָדער השארת הנפש, כאָטש די אַרומיקע קולטור־וועלט האָט אין דעם יאָ געגלייבט. פאַר וואָס נישט זאָגן אַז אָט דער געדאַנק, וואָס איז פריי פון איבערגלייבערישקייט, איז אין דער דעמאָלטיקער קולטור־וועלט געווען ניי? אייניקע ווילן האָבן אַז אונטערן באַגריף שאול (אונ־טערערד), וואָס איוב דערמאָנט אָפט, מיינט ער אַ אייביקע וווינונג אָדער־הייל. איוב זאָגט:

אַז איך ריכט זיך אויף דער אונטערערד (שאול) ווי מיין היים,
אין פינצטערניש בעט איך אויס מיין געלעגער,
צום קבר רוף איך ביסט מיין פאָטער!
צום וואָרעם ביסט מיין מוטער און שוועסטער.
היינט ווו דען איז מיין האָפענונג?
יאָ, מיין האָפענונג ווער וועט זי אָנזען?
צו די ריגלען פון אונטערערד (שאול) וועט זי נידערן,
ווען אין אײנעם אין שטויב וועלן מיר רוען (י״ז, 13—16).

דאָס הייסט אַז איוב האָט אונטערן וואָרט „שאול" נישט געמיינט קיין היים. אויב ער רופט עס היים איז עס בלויז אינעם פיגוראַטיוון זינען. געמיינט האָט ער פשוט אַ קבר ווו די איינציקע באַגלייטערס זיינען שטויב און ווערעם. דאָך האָט אָט דער באַוווּסטזיין פון דעם מענטשנס גורל נישט געשטערט איובן צו קעמפן פאַר זיין רעכט, אפילו ווען ער האָט פאַר דעם געדאַרפט ליידן דאָס ערגסטע. מיר זעען עס אויך פון זיין שבועה, וואָס איז ממש אַ וווּנדערלעכער מוסטער פאַר אַלע וואָס שווערן זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר אַ ערלעכן אידעאַל, עס הייסט, פאַר אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן.

הגם די שבועה געפינט זיך כמעט ביים סוף פון איובס רעדעס (קאַפּ׳ כ״ז), דאַרף זי דאָך געשטעלט ווערן ביים סאַמע אָנהייב פון זיינע וויכוחים מיט די פריינד. די שבועה דערוווייזט אויף ווי ווייט איוב האָט דעם באַגריף גאָט פאַרשטאַנען אַנדערש ווי מיר פאַרשטייען אים היינט. איוב שווערט נישט אַז ער וועט געטריי דינען גאָט און אַז ער וועט געטריי אויספירן זיינע געבאָטן. פאַרקערט, ער שטעלט פאַר גאָט ווי דעם וואָס האָט צוגענומען ביי אים זיין נאַטירלעכע רעכט, ווי דעם וואָס האָט פאַרביטערט זיין נשמה. דאָך זאָגט ער, אַז רוח אלוה באפּי (און דער הויך פון גאָט איז אין מיין נאָז). דאָס מיינט אַז גאָט איז נישט עפּעס אַזוינס וואָס געפינט זיך מחוץ אים, נאָר דאָס איז דער אייגענער אימאַנענטער כוח וואָס זיצט אין אים און פאַרביטערט אים דאָס לעבן. גאָט איז דאָ ווידער דאָס אייגענע וואָס נאַטור. ווי שטאָלץ עס קלינגען די ווערטער פון דער שבועה! וויפל מענטשלעכע חשיבות געפינט זיך אין אָט די פאָר שורות!

אַזוי ווי עס לעבט גאָט וואָס האָט צוגענומען מיין רעכט,
און דער אַלמעכטיקער וואָס האָט פאַרביטערט מיין זעל,
אַז אויב כל־זמן מיין נשמה איז אין מיר
און גאָטס אָטעם איז אין מיין נאָז,
אויב מיינע ליפּן וועלן ריידן אומרעכט,
און אויב מיין צונג וועט אַרויסלאָזן באַטרוג!
חלילה מיר, אַז איך זאָל אייך געבן גערעכט!
ביז איך וועל אויסגיין וועל איך נישט לאָזן
אָפּנעמען מיין ערלעכקייט פון מיר.
אָן מיין גערעכטיקייט האַלט איך זיך און וועל זי נישט אָפּלאָזן;
מיין האַרץ האָט פון מיין לעבנטאָג אָן מיר נישט פירצוואָרפן.
(כ"ז, 2—6).

נישטאָ דאָ קיין אָנווונק, אַז דאָס רעכט וואָס ער פילט אַז עס קומט אים, און וואָס איז ביי אים צוגענומען געוואָרן זאָל ער ערשט דאַרפן אויסקויפן דורך מעשים־טובים. פאַרקערט, דאָס רעכט וואָס ער פאָדערט פאַר זיך מוז זיך געפינען מחוץ דעם פרינציפּ פון שכר ועונש. ער שווערט אַז ער וועט נישט ריידן קיין אומרעכט, ער וועט בלייבן ביי זיין ערלעכקייט און וועט זיך האַלטן ביי זיין גערעכטיקייט, אַלץ איינס צי דאָס וועט אים ברענגען גוטס אָדער שלעכטס. צו זיין ערלעך פילט ער אַ נאַטירלעכע פליכט. דאָס איז זיין אינטימסטער און הייליקסטער אימפּעראַטיוו, אָבער נישט ווי קיין מיטל כדי צו באַקומען דערפאַר אַ גוטע באַלוינונג, נאָר ווי אַ אויסדרוק פון איינגעבוירענע אייביקע מאָראַלע ווערטן.

איובס באַקלאָגן זיך אויף זיין גורל איז אין דער אמתן גאָר נישט אין הסכם מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט זיין ווייב, אַז דאָס גוטע זאָלן מיר יאָ אָננעמען און דאָס שלעכטע נישט? וואָלט איוב געגלייבט אַז דער סדר־העולם באַזירט זיך אויף דעם געזעץ פון זינד און שטראָף, טוגנט און שכר וואָלט ער דאָך נישט געהאַט קיין רעכט צו קלאָגן אויף זיין גורל. ער וואָלט דעמאָלט געמוזט זיין איבערגעצייגט, פונקט ווי דאָס זיינען געווען זיינע פריינד, אַז דאָס וואָס עס קומט מיט אים פאָר איז זיין אייגענע שולד. איוב קלאָגט אָבער יאָ אויף זיין גורל. ער דריקט עס אויס מיט די שאַרפסטע ווערטער. ער הייבט אָן מיטן שילטן דעם טאָג וואָס ער איז געבוירן געוואָרן און גייט איבער צו באַטראַכטן די טראַגעדיע פון די וועלכע בעטן אויף זיך דעם טויט און ער קומט נישט. איוב זאָגט:

פאַר וואָס גיט ער ליכט דעם וואָס מאַטערט זיך,
און לעבן די פאַרביטערטע אין געמיט?
די וואָס האַרן אויפן טויט, און ער קומט נישט,
**און זיי אַקערן נאָך אים מער ווי נאָך אוצרות.** (ג׳ 20—21).

איוב רעדט דאָ נישט פון קיין שטראָף וואָס דער מענטש ברענגט אויף זיך דורך זיינע זינד, נאָר ער רעדט פון דער אומגערעכטיקייט וועלכע גאָט אָדער נאַטור טוט צום אומגליקלעכן מענטשן, וואָס גיט ליכט דווקא דעם וואָס מאַטערט זיך און גיט לעבן דווקא די וועלכע וואַרטן אויפן טויט. דאָ רעדט זיך אַלץ וועגן **געבן** אָבער נישט וועגן באַצאָלן. אַזוי באַטראַכט איוב זיין ביטערן גורל נישט ווי קיין שטראָף פאַר זינד. ער געפינט נישט קיין סיבה פאַר זיינע אומענדלעכע און אוממעגלעכעליידן, אונטער אַלץ וואָס איוב זאָגט געפינט זיך זיין איינציקע בלוטיקע טענה: **פאַר וואָס?** פאַר וואָס האָט דער בורא אָדער די נאַטור צוגענומען ביי אים זיין נאַטירלעכע רעכט אויף לעבן?

רויק בין איך געווען, און ער האָט מיך צעברעקלט,
און מיך אָנגענומען ביים גניק און מיך צעפיצלט.
און געוועלגערט אין אַש מיין האָרן.
מיין פנים איז רויט פון געוויין,
און אויף מיינע ברעמען איז שאָטן פון טויט. (ט״ז, 18).

דערנאָך קומט דאָס שטאַרקסטע וואָרט וואָס איז ווען געזאָגט געוואָרן.

**ערד, זאָלסט נישט צודעקן מיין בלוט,**
**און זאָל נישט קיין אָרט זיין פאַר מיין געשריי!** (ט״ז, 18)

מיר זעען דאָ קלאָר אַז כאָטש איוב ווערט אין פּראָלאָג באַטראַכט פאַר אַ גאָטספאָרכטיקן איז ער עס אין דער אמתן נישט געווען. ער דערוועגט זיך צו ווענדן צו דער ערד אַז זי זאָל אים שיצן קעגן דעם אומרעכט וואָס דער בורא טוט אים. דאָס ווענדן זיך צו דער ערד קען פון איין זייט באַטראַכט ווערן ווי געצן-דינעריש, פון דער צווייטער זייט אָבער קען דאָס באַטראַכט ווערן ווי אַ פּאַנטעיִסטישער געבעט צו דער נאַטור, אַז זי זאָל שיצן איר אייגענע שאַפונג. דאָס אייגענע קען מען אויך זאָגן וועגן דעם אויסדרוק „עס זאָל קיין אָרט נישט זיין פאַר מיין געשריי״. אויך דער חלל געהערט צו דער נאַטור, בכן דאַרף אויך ער

שיצן אַלץ וואָס געהערט צו דער נאַטור. איוב בעט דאָ נישט קיין שום פּריווילעגיע, נאָר דאָס נאַטירלעכע רעכט וואָס אים קומט, אַז „די ערד זאָל נישט צודעקן דאָס אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט", אייביק זאָל דאָס בלוט רופן און מאָנען, פאַר וואָס?...

**
*

איובס פריינד ענטפערן אויף דעם „פאַר וואָס" מיט דעם וואָס דער מענטש ווערט געבוירן זינדיק פון זיין נאַטור. בכן ווערט ער שוין גע־בוירן צו ליידן די שטראָף פאַר דעם. זיי חזרן כסדר איבער דעם געדאַנק.

וואָס איז אַ מענטש, אַז ער זאָל זיין ריין?
און קען דען גערעכט זיין אַ געבוירענער פון אַ פרוי? (ט"ו, 14).

אויך איוב ברענגט אַרויס דעם זעלביקן געדאַנק. ווי עס שיינט האָט דער מחבר פון איוב עס געהאַלטן פאַר אַן אָנגענומענעם כלל, וועלכער לאָזט זיך נישט אָפּפרעגן. איוב זאָגט:

אמת, איך ווייס אַז אַזוי איז עס
און ווי קען אַ מענטש גערעכט זיין פאַר גאָט? (ט',2)

איוב פאַרשטייט אָבער נישט פאַר וואָס דאַרף דער מענטש באַ־שטראָפט ווערן פאַר דעם וואָס ער ווערט געבוירן זינדיק? וווּ ליגט דאָ זיין שולד? אַוודאי איז דער באַשאַפער (אָדער די שעפערישע נאַטור) מעכטיק, קיינער קען זיך נישט גלייכן צו אים. דער מענטש איז נישטיק לגבי די ווונדער וואָס ער באַווייזט.

ווער קען זיך עקשנען קעגן אים און אַרויס גאַנץ?
דער וואָס רוקט איבער בערג, און זיי מערקן נישט.
דער וואָס הייסט דער זון, און זי שיינט נישט,
און די שטערן פאַרחתמעט ער. (ט'4—7).

ביי אַ משפט קען דאָך אָבער נישט זיין קיין הילוק צווישן דעם שטאַרקן און דעם שוואַכן. דער עיקר איז דאָך ווער איז דער גערעכטער — און נישט ווער ס'איז דער שטאַרקער. איוב ווייס אָבער אַז ער האָט נישט פאַר וועמען אָנצוקלאָגן דעם באַשעפער און אים רופן צו אַ משפט.

שולדיק מוז איך בלייבן,
טאָ נאָך וואָס זאָל איך מיך מ׳ען אומנישטט?

וואָרעם נישט אַ מענטש ווי איך איז ער,
איך זאָל אים ענטפערן,
מיר זאָלן אין איינעם צום משפט גיין. (י׳, 29—32).

דערמיט ווערט איובס ווייטיק נאָך שטאַרקער. דער באַוווּסטזיין אַז ער קען נישט דערוואַרטן קיין גערעכטיקייט מאַכט זיינע ליידן אומזיניק. ווייל ליידן האָבן אַ זינען ווען מען קען דערמיט עפּעס דער-גרייכן. די רעליגיעזע דאָגמאַטיקערס גלייבן אַז דורך ליידן קויפט מען אויס די זינד וואָס מען איז באַגאַנגען. איוב האָט אָבער נישט געפונען קיין שייכות צווישן זיינע זינד און זיינע ליידן. ער האָט זיך דער-וועגט צו זאָגן אַז זינד באַרעכטיקט כלל נישט קיין שטראָף.

אַז איך זינדיק, וואָס טו איך דיר, היטער פון דעם מענטשן?
(ז׳, 20).

פאַר וואָס קומט פאַר דעם צו ליידן? פאַר וואָס אַזאַ שטראָף?

איוב האָט ביטער געקעמפט מיט זיינע פריינד, וועלכע האָבן גע-האַלטן אין איין איבערחזרן אַז קיינער ליידט נישט אומשולדיק. אליפז דער תימני זאָגט:

דערמאָן זיך נאָר ווער איז אומשולדיק אונטערגעגאַנגען?
און ווו זיינען רעכטפאַרטיקע פאַרטיליקט געוואָרן. (ד׳, 7).

דאָס אייגענע זאָגן אַלע זיינע פריינד. דאָס איז זייער הויפּט-אַרגו-מענט פון וועלכן זיי טרעטן נישט אָפּ.

דער פלאַמיקער וויכוח, וואָס איוב פירט מיט זיינע פריינד, האָט פאַר זיך צו לייזן דעם איינציקן פּראָבלעם: **איז דער סדר העולם אַ גע-רעכטער אָדער נישט? ווערט יעדער איינעם באַצאָלט לויט זיינע מעשים אָדער נישט?** זיי האַלטן אין איין איבערחזרן אַז דער רשע באַקומט זיין שטראָף.

איוב האַלט פּונקט דאָס פאַרקערטע. קיינער קריגט נישט קיין באַ-צאָלט לויט זיינע מעשים; דער סדר העולם איז ניט קיין גערעכטער. ווייל:

די ערד איז איבערגעגעבן אין דער האַנט פון רשע. (ט׳ 24).

און איוב שטעלט זיינע פריינד די שווערסטע שאלה. ווען עס זאָל באמת זיין אַזוי ווי זיי זאָגן, אַז יעדער איינער באַקומט זיין באַלוינונג לויט זיינע מעשים, איז:

פאַר וואָס לעבן די רשעים,
עלטערן זיך, און זיינען שטאַרק אין קראַפט?
זייער זאָמען שטייט פעסט פאַר זייער פּנים ביי זיי,
און זייערע שפּראָצן פאַר זייערע אויגן.
זייערע הייזער זיינען בשלום, אָן אַנגסט,
און די רוט פון גאָט איז נישט אויף זיי.
זיי פאַרברענגען אין גוטס זייערע טעג,
און רויק נידערן זיי אין אונטערערד. (כ״א, 7—13).

איוב האָט רעוואָלטירט קעגן דעם רעלאַטיוון סדר העולם וואָס האָט געהערשט אין זיין צייט. אַזאַ סדר העולם האָט זיך באַזירט אויף דעם וואָס מע רופט היינט **פּאָזיטיווע רעכט**, וואָס באַשטייט פון קאָדי־פיצירטע פליכטן און אויטאָריזאַציעס (רעכטן) וועלכע האָבן די קראַפט פון פאַרהייליקטע געזעצן, וואָס ווען מע איז אויף זיי עובר ווערט מען באַשטראָפט און ווען מע איז זיי מקיים ווערט מען באַלוינט. אַזוי אַז יע־דער געשעעניש האָט דעמאָלט געהאַט איר גענויע סיבה (שולד אָדער טוגנט). אַזאַ סדר העולם האָט פון פאָרויס באַשטימט וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט, וואָס ס׳איז אמת און וואָס ס׳איז פאַלש. איוב האָט אָבער געפאָדערט פאַר זיך די פרייהייט צו באַשטימען אַליין, בהסכם מיט זיין פּאָטענציעלער נאַטירלעכער רעכט, וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט, וואָס ס׳איז אמת און וואָס ס׳איז פאַלש. דערמיט איז איוב געווען צווישן די ערשטע וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דער חשיבות און פרייהייט פונעם מענטשן. צווישן די ערשטע וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אַזאַ רעכט וואָס איז נאָך אויך היינט דער אי־דעאַל פון דער ליידנדיקער מענטשהייט.

**
*

איוב ווייס, פונקט ווי זיינע פריינד אַז דער מענטש ווערט געבוירן זינדיק. אויף דער מאָדערנער שפּראַך מיינט עס, ער איז פול מיט אימ־פולסן. ער ווייס אָבער אויך אַז דער מענטש האָט די פעיִקייט צו באַ־הערשן די אימפּולסן און צו סובלימירן זיי צו אַזאַ מדרגה אַז זיי זאָלן ווערן דער העכסטער ציל פון דעם באַשאַף. „זאָל אויף מיר קומען — זאָגט איוב — וואָס עס וויל, אָבער מיינע וועגן וועל איך אויפווייזן פאַר אים״ (י״ג, 13—15). ד״ה, אַז איוב גיט אַוועק אַלץ וואָס ער קען דער־

ווארטן אין לעבן בלויז פאַר דער איינציקער סובלימירטער גייסטיקער הנאה וואָס ער וועט האָבן ווען ער וועט דערווייזן זיין אמת. ווייל „גראָד דאָס, זאָגט איוב, וועט פאַר מיר זיין אַ הילף, וואָס קיין פאַלשער וועט פאַר אים נישט קומען" (י"ג, 16).

***

איוב ווייס אַז דער מענטש קען נישט זיין גערעכט לגבי גאָט. וואָס איז ער לגבי אים? וואָס איז ער לגבי דעם גאַנצן באַשאַף? אָונטערגעבן מוז ער זיך, סיי ווען ער באַטראַכט די געזעצן ווי אַן אויסדרוק פון גאָטס ווילן, סיי ווען ער באַטראַכט עס ווי אַ אויסדרוק פון דער נאַטור. אונ־טערגעבן מוז ער זיך, פונקט ווי יעדער אַנדער באַשעפעניש וואָס פאַסט זיך צו צו דער סביבה און וואַרפט זיך אונטער די נאַטור־געזעצן. איוב ווייס אָבער אויך, אַז דער מענטש האָט די פעיִקייט זיך צו באַפרייען פון דער נויטווענדיקייט זיך צו דאַרפן אַדאַפּטירן צו דער סביבה. פאַרקערט, דער מענטש האָט דעם באַרוף זיך צו שטעלן מחוץ זיך און מחוץ דער סביבה און זיך אין גאַנצן איבערגעבן אַ אידעע. דאָס איז דער טיפער זינען פון דער פרייהייט וואָס ער האָט צו קענען אורטיילן וועגן מענטש, גאָט אָדער נאַטור, גלייך ווי ער וואָלט געשטאַנען העכער פון זיי און וואָלט ביי זיי געקענט מאָנען חשבון. דערפון איובס פאָדערן זיין רעכט וואָס איז ביי אים צוגענומען געוואָרן. ווייל „ביז איך וועל אויס־גיין, זאָגט איוב, וועל איך נישט לאָזן אָפּנעמען מיין ערלעכקייט פון מיר. אַן מיין גערעכטיקייט האַלט איך זיך און וועל זי נישט אָפּלאָזן" (כ"ז, 5—6).

***

איוב ווייס אַז דעם מענטשנס פּלאַץ אין דעם קאָסמאָס איז נישטיק. ווי אַ שאָטן פאַרגייט ער. אַפילו אַ בוים האָט מער מזל פון אים. „פון ריח פון וואַסער בליט ער אויף, און לאָזט ריטלעך אַרוים ווי אַ פלאַנצונג. אָבער אַ מאַן שטאַרבט און פאַלט אַוועק, און פאַרגאַנגען דער מענטש, און ווּ איז ער? (י"ד, 9—10). איוב ווייס אָבער אויך, אַז דער מענטש איז פעיִק דורך זיינע מעשים זיך אַריבערצוטראָגן איבער צייט און שטח, ווייל דאָס גוטס ווי דאָס שלעכטס וואָס דער מענטש טוט בלייבט נאָך אים. און אויב עס גייט אין באַגרענעצטקייט, איז גאָט ווי די נאַטור אויך באַגרענעצט. אויך זיי קענען נישט מאַכן אַז דאָס וואָס איז געווען זאָל

צוריק ווערן. איוב זאָגט צו גאָט: „וואָרעם אַצינד וועל איך ליגן אין שטויב, און וועסט מיך זוכן, און איך וועל נישט זיין" (ז', 21). דעריבער פאָדערט איוב מיט אַזאַ צודרינגלעכער שאַרפקייט, וואָס חזרט זיך ביי אים כסדר איבער, אַז ער וויל נישט אַז זיין רעכט אויף גערעכטיקייט זאָל קומען ווען ער וועט שוין מער נישט זיין. איוב זאָגט: „איך ווייס מיין אויסלייזער לעבט, און שפּעטער וועט ער אויפשטיין אויף דער ערד. אָבער... איך אַליין וויל אים זען פאַר מיר, אַז מיינע אויגן זאָלן אים אָנקוקן און נישט קיין אַנדערער" (י"ט, 25—27). נישטאָ קיין רעכט מקריב צו זיין אַ מענטשנס לעבן לטובת אַן אַנדער מענטשן וואָס וועט לעבן אין אַן אַנדער דור. קיינער האָט נישט קיין רעכט צו באַקומען קיין שכר פאַר די ליידן פון אַן אַנדערן.

ווי מיר זעען ווערט אין ספר איוב אַרויסגעבראַכט דער געדאַנק, אַז מחוץ די איינגעשטעלטע נאָרמען וועגן גוטס און שלעכטס, וואָס מוזן זיין רעלאַטיווע, געפינט זיך די איינגעבוירענע נאַטור-רעכט, וואָס מוז זיין אייביק און אַבסאָלוט.

## 19. די קריטיק אויף די אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן

### דער פּראָגרעס קעגן די „אייביקע ווערטן"

מע קען דאָ פרעגן, אויב מיר האַלטן זיך ביי די אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן איז ווי אַזוי וועט מעגלעך זיין אַ וועלכער ס'איז פּראָגרעס? האָט דען די געשיכטע נישט געוויזן אַז יעדער עטיש-סאָציאַלע באַנייַונג איז געקומען בלויז דעמאָלט ווען ס'איז געלונגען צו צעשטערן די ממשלה פון די „אַלטע אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן"? ווי אַ באַווייז ווערן געבראַכט די נביאים, סאָקראַט, יעזוס אָדער די פראַנצייזישע רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערן זיינען, אין זייער צייט, שטענדיק באַטראַכט געוואָרן ווי די „צעשטערערס" פון דער אַלטער איינגעשטעלטער סאָציאַל-עטישער אָרדענונג. אין אייניקע פאַלן זיינען זיי אַפילו געמשפּט געוואָרן ווי „פאַרברעכערס". איז ווי אַזוי קען מען פאָדערן אַז מע זאָל זיך האַלטן ביי אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן? מיינט עס נישט פאָדערן אַ געזעלשאַפטלעכן רעגרעס? דינט מען דען נישט דערמיט די אינטערעסן פון די קאָנסערוואַטיווע כוחות?

כאָטש אַזאַ צוגאַנג צו ווערטן לייגט זיך אויפן שכל איז ער דאָך אַבסאָלוט פאַלש. דער פאַקט וואָס אין דער געשיכטע זיינען אויפגעקומען רעוואָלוציאָנערן וועלכע האָבן געביטן דעם סאָציאַל-עטישן לעבנסשטייגער, מיינט נישט אַז זיי האָבן דערמיט צעשטערט די „אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן", וועלכע האָבן געהערשט פאַר זיי. כמעט יעדער אמתער רעפאָרמאַטאָר האָט שטענדיק געטראָפן אַ קאָרומפּירטע דעספּאָטישע אָרדענונג. אַזוי איז דאָס געווען מיטן גרעסטן רעפאָרמאַטאָר, משה, וואָס האָט אין פרעהס מצרים געטראָפן דעספּאָטיזם און קנעכטשאַפט; אַזוי איז געווען די אַטענער געזעלשאַפט וועלכע האָט

געמשפּט סאָקראַטן פאַר זיין ,,לומרשטן פאַרדאַרבן די יוגנט; אַזוי איז געוועזן די רוימעשע רוּיבערישע אָרדנונג, וועלכע האָט פאַרמשפּט יע־זוסן; אַזוי איז עס געוועזן אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצייזי־שער רעוואָלוציע, ווען עס האָט געהערשט דער דעספּאָטישער אַבסאָלו־טיזם און אַזוי איז געווען דער רוסישער צעפוילטער צאַרישער רעזשים. קיינער פון זיי האָט נישט פאַרגעשטעלט קיין ,,אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן" וועלכע די רעוואָלוציאָנערן האָבן צעשטערט. פאַרקערט, יע־דער עכטע רעוואָלוציע האָט געהאַט איר היסטאָרישע באַרעכטיקונג, בלויז דעמאָלט ווען זי האָט געשטרעבט איינצושטעלן די ,,אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן". קוים האָט די רעוואָלוציע פאַרראַטן אָט די ווערטן איז דאָס געוואָרן אַ פאַלשע רעוואָלוציע. ווייל דאָס איינציקע פּאָזיטיווע, וואָס דאַרף דינען ווי אַ לייכט־טורעם, זיינען בלויז די ,,איי־ביקע און אַבסאָלוטע ווערטן".

## ,,די נייע עטיק" קעגן די ,,אייביקע ווערטן"

אַ פאַרביטערטן אָנגריף אויף ,,די אייביקע און אַבסאָלוטע ווערטן" האָבן אָנגעהויבן די וואָס ריידן וועגן אַ נייער עטיק. פאַראַן וועגן דעם פאַרשיידענע טעאָריעס. די מער באַקאַנטע איז די וועלכע באַזירט די עטיק נישט אויף ,,גיטער" און ,,צילן", נאָר אויף ווערטן. וואָס אַזוינס האָט מען געפרעגט, מאַכט אַז אַ געוויסע האַנדלונג זאָל קענען בא־טראַכט ווערן ווי מאָראַליש גוט? די אַלטע עטיק האָט געענטפערט אַז גוט איז דאָס וואָס איז נאָענט צום אידעאַל פון דאָס ,,העכסטע גוטס" Summum bonum, די נייע עטיק ענטפערט אַז גוט איז דאָס וואָס האָט אַ ווערט.

אין דער אמתן קען מען די ווערטן־עטיק נישט באַטראַכטן ווי עפּעס אַזוינס וואָס איז אין דער אַלטער עטיק נישט געווען. דאָס נייע באַשטייט בלויז אין דעם נאָמען אָדער אין דער פאָרעם אָבער נישט אין דעם אינהאַלט. דערמיט וואָס מע רופט דאָס מאָראַליש גוטע מיטן נאָמען ווערט בייט זיך נישט דער אינהאַלט. ווידער, ווען מע זאָל אונ־דזערע באַגריפן וועגן גוט און שלעכט פאַרבייטן אויף ווערט און אומ־ווערט, וואָלטן מיר, נישט ווילנדיק, אַריינגעפאַלן אין אַ פּוסטן פאָר־מאַליזם. מיר וואָלטן זיך דערמיט נאָך מער דערווייטערט פון דער קאָנ־קרעטער מאָראַלער דערפאַרונג.

אַ מער פאַרביסענעם קאַמף קעגן דער „אַלטער עטיק״ ווערט גע־פירט פון אַ גרופּע פּסיכאָאַנאַליסטן, וואָס זייער אָנפירער איז געווען דער שווייצאַרישער פּראָפעסאָר קאַרל גוסטאַוו יונג. יונג האָט אַ סך יאָרן געוווינט אין ציריך. ער איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט, מחוץ ווין, זיך אָפּגעגעבן מיט פּסיכאָאַנאַליטישע פאָרשונגען. פאַר פרוידן האָט עס געמיינט אַז יונג איז געווען דער ערשטער אַמבאַסאַ־דאָר זיינער וועלכער האָט אים פאַרטיידיקט אין אויסלאַנד. אויסגעלאָזן האָט זיך אָבער עפּעס אַנדערש. מיט צוויי יאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי פרויד האָט איבערגעריסן מיט אַדלערן, האָט ער אויך איבערגעריסן מיט יונגן (1913). אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ בריוו וואָס יונג האָט געשריבן צו פרוידן פון אַמעריקע. אין דעם בריוו לייגט ער פאָר פרוידן אַז כדי צו געווינען פריינט אין אַמעריקע פאַרן פּסיכאָאַנאַליז דאַרף מען פאַרקלענערן דעם באַטייט פון סעקס וואָס עס ווערט אין אָט דער לערע געגעבן. פרויד איז געוואָרן אויפגעבראַכט. אין זיינע אויגן האָט עס געמיינט פאַרלייקענען דעם וויסנשאַפטלעכן אמת צוליב מאַטעריעלע אינטערעסן. נאָך מער האָט זיך זייער קעגנערשאַפט פאַרשאַרפט ווען ס׳איז דערשינען יונגס בוך **וואַנדלונגען און סימבאָלן פון דער ליבידאָ.** יונג באַהויפּטעט דאָרטן, אַז דער חלום באַציט זיך אַזוי אויף דאָס געמט־לעכע ווי אויף דאָס אַנימאַלע. פרויד איז דערפון נאָך מער אויפגע־בראַכט געוואָרן. ער האָט געהאַלטן אַז יעדער רמז אויף געטלעכקייט האָט נישט צו טאָן מיט וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. פרויד האָט נישט געקענט פאַרטראָגן וואָס יונג האָט פאַרביטן די סעקסועלע קאָנפליקטן, ווי די באַזע פאַר דער פאָרשונג פון די נעוראָטיקערס, אויף רעליגיעז־עטישע קאָנפליקטן.

ק. ג. יונג האָט מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער אַרויס־געוויזן זיין אמתן פּרצוף. ער איז געוואָרן פון היטלערס געטרייסטע פּראָפעסאָרן. אין 1934 האָט ער רעדאַקטירט אַ זשורנאַל פון וועלכן די נאַציס האָבן אַרויסגעוואָרפן די ייִדישע מיטאַרבעטערס. ווי אַ שווייצאַ־רישער בירגער האָט ער קיין שום „נייטיקייט״ נישט געהאַט זיך אָנצו־שליסן אין דעם נאַציזם. בפרט נאָך אין 1934, ווען אַזאַ מוז איז בכלל נאָך נישט געווען. אין דעם דאָזיקן זשורנאַל האָט ער אין יענעם יאָר געשריבן אַז פרויד און אַדלער קענען בלויז נעגאַטיווע פּסיכאָלאָגיעס. היות זיי זיינען ייִדן קענען זיי בלויז זען פעלערן אָבער נישט קיין

מעלות. פאַרקערט, דער אַרישער אומבאַוווּסטזיין טראָגט אין זיך שע־פערישע זוימען און ער אָריענטירט זיך אויף דער צוקונפטיקער שאַ־פונג. פרויד און זיינע דייטשע נאָכלויפערס קענען נישט פאַרשטיין די דייטשע פסיכיק, „וועלן זיי אָבער פאַרשטיין די לעקציע פון דער נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטישער קראַפט וואָס איז אַ באַוועגונג אויף וועלכער די גאַנצע וועלט קוקט מיט שרעק, אַ באַוועגונג וואָס באַוועגט אַ גאַנץ פאָלק און דריקט זיך אויס אין יעדן דייטש באַזונדער״?

אָט דער נאַצישער פּראָפעסאָר האָט אויך געשריבן וועגן מאָראַל. פאַרשטייט זיך אַז נישט וועגן דער אַלטער הומאַניסטישער מאָראַל, וואָס האָט איר שורש אין דער יִדישער קולטור־געשיכטע, נאָר וועגן אַ נייער מאָראַל וואָס דאַרף כלומרשט פאַרבייטן די אַלטע יִדיש־קריסטלעכע מאָראַל. ער האָט אָבער נישט באַוויזן אַליין צו פאָרמולירן קלאָר די יסודות פון דער „נייער מאָראַל״. אָט די אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען איינער פון זיינע געטרייסטע תלמידים, דער יִד עריך ניומאַן. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך וואָס הייסט **טיפע פסיכאָלאָגיע און נייע עטיק** (1949), וווּ ער נעמט זיך אונטער צו געבן אַ טויט־קלאַפּ דער „אַלטער עטיק״ „וועלכע האָט דערפירט דעם מאָדערנעם מענטש צום ראַנד פון פאַרצווייפלונג״. ער האָט פאַר זיין אַרבעט באַקומען די הסכמה פון זיין רבין וועלכער האָט אַפילו געמאַכט עטלעכע אויסבע־סערונגען.

ע. ניומאַנס הויפּט־טעזיס קען דעפינירט ווערן אַזוי: די „אַלטע עטיק״ האָט געזוכט די מענטשלעכע פערפעקטקייט, דעריבער האָט זי זיך אָפּגעטיילט פון דאָס שלעכטס און געזוכט עס אונטערצודריקן. די „נייע עטיק״ נעמט אָן די אייגענע אומפערפעקטקייט, דעריבער נעמט זי אָן פאַר ליב דאָס גוטע פּונקט ווי דאָס שלעכטע. דערמיט באַפרייט זי דעם מענטשן צו דאַרפן פירן אַ קאַמף מיטן אייגענעם „איך״. דער מענטש קען זיך פילן גאַנץ מיט זיך, ווי מיט דער געזעלשאַפט. עס הייסט, אַז דער מענטש דאַרף נישט פאַרטרייבן דעם יצר־הרע, נאָר דאַרף אים באַהאַנדלען פּונקט ווי דעם יצר־טוב.

דער קאָנקרעטער אויספיר פון דער „נייער עטיק״ באַשטייט אין דעם וואָס ער שאַפט אָפּ די אינדיווידועלע שולד און פירט צוריק איין אויף איר אָרט די קאָלעקטיווע שולד. אַזוי איז שולדיק דער קרבן פּונקט

ווי דער מערדער. אפילו דער נאַצישער באַרבאַריזם איז אין דעם נישט קיין אויסנאַם...(56).

פאַרשטייט זיך אַז מיט אַזאַ מין ווילדער תורה דיסקוטירט מען נישט. דאָס פירט אונדז צוריק צו דער פּרימיטיווער מענטאַליטעט, ווען יעדער שבט אָדער משפחה האָט געטראָגן די אחריות פאַר די מעשים פון יעדן יחיד. אויב אַ יחיד האָט געהרגעט אַ מענטשן וואָס האָט גע־הערט צו אַן אַנדער שבט ווי ער, איז דער גאַנצער שבט צו וועלכן דער מערדער האָט געהערט געווען פאַראַנטוואָרטלעך. אויב ער האָט נישט געקענט אַרויסגעבן דעם מערדער האָט ער געמוזט אַרויסגעבן אַן אַנ־דער יחיד און אָפט עטלעכע יחידים, וועלכע האָבן געדאַרפט געטויט ווערן. פאַר יידן דאַרף מען נישט דערציילן וואָס דאָס מיינט. גענוג בלוט האָט יידן געקאָסט אָט דער ווילדער געזעץ פון קאָלעקטיווער אחריות. נישט איין מאָל האָט פאַר איין שלעכטן יידן געליטן דאָס גאַנ־צע יידישע פאָלק, אפילו די שפּעטערדיקע דורות.

נישט בעסער איז אויך מיט דער תורה וועלכע זיי לייגן פאַר אין זייער „נייער עטיק" אַז מע זאָל נישט אָפּטיילן דאָס שלעכטס פון דאָס גוטס; די טומאה פון דער טהרה. דער קוריאָז איז וואָס כאָטש אָט די תורה ווערט באַגרינדעט „שטרענג וויסנשאַפטלעך" באַזירט זי זיך אויף דער קאַבאַליסטישער און חסידישער מיסטיק. אויך די קבלה ווי דער חסידיזם האָט געלערנט אַז די זינד קען מען נישט אָפּטיילן פון דער קדושה, ווייל די הייליקע פונקען (ניצוצות קדושים) געפינען זיך אומעטום, אויך אין דער זינד. דער מעזריטשער מגיד האָט געלערנט, אַז„וואָס נידעריקער אַ מדרגה, אַלץ הייליקער איז דער ניצוץ.".

בקיצור, אָט די „נייע עטיק", וואָס איז אויפגעקומען מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, ווי אַ רעליגיעז־מיסטישע באַוועגונג, קען נישט אָפּשאַפן די „אַלטע, אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן".

## האַנס קעלסענס קריטיק אויף די „אייביקע ווערטן"

דאָס וואָס מיר רופן „אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן" רופט מען אין דער יורידישער וויסנשאַפט נאַטור־רעכט. עס הייסט, נישט אַזאַ רעכט וואָס איז קאָדיפיצירט אין געזעצן, נאָר אַזאַ

(56) Erich Neumann, *Psicología Profunda y Nueva Etica*, p. 12.

רעכט וואס וואקסט אוממיטלבאר ארויס פון דעם מענטשנס נאטור אדער וואס איז בהסכם מיט דעם מענטשנס נאטור. אזוי ווייסן מיר אז די יורידישע געזעצן, דאס וואס מע רופט **פאזיטיווע רעכט**, קענען זיין מאראליש אדער אוממאראליש, מע קען זיי אויך אפשאפן אדער איינשטעלן אנדערע אויף זייער ארט. נאטור־רעכט מוז אבער אלע מאל זיין מאראליש און קען קיין מאל נישט אפגעשאפט ווערן אדער פארביטן ווערן, ווייל זי דריקט אוים די אידעע פון אבסאלוטער גע־רעכטיקייט. זי האנדלט נישט בהסכם מיט א וועלכן ס׳איז געזעץ, נאר זי אליין, ווי מיר האבן עס געזען אין ספר **איוב**, גיט זיך דעם גע־זעץ. אט די אידעע פון גערעכטיקייט איז דאס וואס מיר רופן אייביקע און אבסאלוטע מאראלע ווערטן.

א גרינטלעכע קריטיק אויף אזוינע ווערטן (נאטור־רעכט) האט דורכגעפירט האנס קעלסען, וואס איז איינער פון די וויכטיקסטע היינטיקע טעארעטיקערס פון רעכט. האנס קעלסען איז א פראגער ייִד. ער איז געבוירן געווארן אין 1881. ער איז געווען פראפעסאר פון ווינער אוניווערסיטעט און פון 1930 ביז 1933 האט ער דעם זעלביקן אמט פארנומען אין קעלן. פון 1933 ביז 1940 אין זשענעווע, פון 1940 געפינט ער זיך אין די פאראייניקטע שטאטן. ער שרייבט אז ווען מע זאל אננעמען די טעאריע פון **נאטור־רעכט** וואלט אוים־געקומען, אז די נאטור־פראצעסן פירן זיך לויט א פארויסבאשטימטן ציל. דאס וואלט געמיינט, אז „די נאטור איז באגאבט מיט אינטע־ליגענץ און מיט ווילן און איז איינגעשטעלט פון א איבערמענטש־לעכן וועזן, אדער פון אזא אויטאריטעט, וועמען דער מענטש איז פארפליכטעט צו זיין אונטערטעניק״ (57).

ס׳איז קיין ספק נישט, אז דער מאראלער געזעץ וואס זיצט אין מענטשן לאזט זיך אינטערפרעטירן אויף אזא אופן. דער בעסטער באווייז פאר דעם איז דאס וואס די רעליגיעזע גלייבן טאקע, אז דאס נאטור־רעכט איז געגעבן פון א געטלעכן ווילן. דאס מיינט אבער נישט אז אויך די וועלטלעכע מוזן גלייבן אז זייערע מאראלע פליכטן קומען פון גאטס ווילן און אז דער סדר־העולם פירט זיך לויט א

(57) Hans Kelsen, *Teoría pura del derecho*, Eudeba, Buenos Aires, p. 102

פאָרויסבאַשטימטן ציל. לויט דער יידישער טראַדיציע האָט גאָט געגעבן דעם מענטשן אַ פרייען ווילן אויסצוקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס.

אויך האַנס קעלסען וויים דערפון. פון דעסט וועגן האַלט ער זיך אַלץ ביי זיין השערה אַז דער וואָס פאַראייניקט נאַטור מיט רעכט אָדער נאַטור מיט מאָראַל מוז אָנקומען צו דער עקסיסטענץ פון אַ מעטאַפיזישן געטלעכן וועזן, וואָס איז לויט אים אַ אילוזיע.

מיר נעמען אָן אַז וועגן דעם וואָס מע וויים נישט קען מען גאָר נישט משער זיין. קיינער וויים נישט פון וואַנען עס קומט צום מענטשן די מאָראַלע פליכט. פונקט ווי מע קען זאָגן אַז זי קומט פון אַ געטלעכן ווילן אַזוי קען מען זאָגן אַז זי קומט פון אַ נאַטירלעכער אינטויציע. קיינער קען אָבער נישט לייקענען אַז אַזאַ פליכט איז פאַראַן.

ס׳איז קיין ספק נישט, די מאָראַלע אחריות קען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ ריין ביאָלאָגישער פּראָצעס, נאָר מוז באַטראַכט ווערן ווי אַ ריין מעטאַפיזישער פּראָצעס. עס האָט קיין זינען נישט צו ספּעקו־לירן וועגן אַ טראַנסצענדענטאַלער מעטאַפיזיק, ס׳איז אָבער אוממעג־לעך נישט צו אָנערקענען אַז דער מענטש איז באַהערשט פון אַ אי־מאַנענטער מעטאַפיזיק.

אויב דאָס וואָס מיר רופן מענטש מיינט באַוווּסטזיין און אחריות, קען דער מענטש אַנדערש נישט דערקלערט ווערן ווי בלויז מע־טאַפיזיש.

האַנס קעלסען ברענגט נאָך אַנדערע אַרגומענטן. אויב מע זאָל אָננעמען, זאָגט ער, אַז ס׳איז פאַראַן אַ נאַטור־רעכט אָדער דאָס וואָס מיר רופן „אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן“, איז צוליב וואָס נייטיקט מען זיך דעמאָלט אין די אַלע יורידישע געזעצן? „דאָס פּאָזיטיווע רעכט (יורידישע געזעצן) וואָלט דעמאָלט אין גאַנצן גע־ווען איבעריק. מע וואָלט עס געקענט גלייכן צו אַ אָנגעצונדענעם לאָמפּ בעת עס שיינט די זון“ (58).

עס קומט אוים גלייך ווי קעלסען וואָלט געפרעגט אויב עס זיינען פאַראַן „אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן“ איז פאַר וואָס מאַכט איר פון

(58) Ibidem... pág. 106.

זײ נישט קײן יורידישע געזעצן? פאַר וואָס מאַכט איר נישט אַז זײ זאָלן קאָדיפיצירט ווערן און ווערן אָבליגאַטאָריש פאַר יעדן בירגער? און אויך קענען באַשטראָפט ווערן פאַרן עובר זײַן אויף זײ? מיט אַנדערע ווערטער קען דאָס אויך הײסן, אויב איר ווײסט וואָס גוט איז, איז פאַר וואָס מאַכט איר נישט אַז אַלע זאָלן מוזן אָננעמען דאָס גוטע?

פון פאַרצײַטנס אָן האָט מען קאָדיפיצירט די מאָראַלע פליכטן. בײַ ייִדן זײַנען עס די געזעצן (חוקים און משפטים) וואָס מע געפינט אין חומש. אָבער אַ רעגלאַמענטירטער יורידישער געזעץ איז פונדאַמענטאַל אַנדערש פון אַ מאָראַלן געזעץ. אַ יורידישן געזעץ קען מען אָפּשאַפן, אַ מאָראַלן געזעץ קען מען קײן מאָל נישט אָפּשאַפן. דער יורידישער געזעץ געפינט זיך מחוץ דעם מענטשן, דער מאָראַלער געזעץ געפינט זיך אין מענטשן. די אויספירונג פון אַ יורידישן געזעץ מוז אָנגעטרויט ווערן דעם שטאַט, וועלכער פאָדערט בלויז אונטערטעניקײט. די אויספירונג פון אַ מאָראַלן געזעץ ווערט אָנגעטרויט זיך אַלײן און פאָדערט בלויז אַ פרײַען ווילן, גלײַך ווי מע וואָלט געווען אַ פרײַער זעלבשטענדיקער געזעץ-געבער.

אוודאי וואָלט גוט געווען ווען דער יורידישער געזעץ זאָל זיך וואָס מער באַזירן אויף מאָראַלע ווערטן. אָבער דערמיט וואָלטן די מאָראַלע ווערטן נישט אַנולירט געוואָרן. דער מאָראַלער ווערט וואָלט געבליבן ווי געווען. ווען עמעצער פירט אױס דעם געבאָט: „דו זאָלסט נישט הרגענען", אױס רעספּעקט צום יורידישן געזעץ, אָדער אויס מורא פאַר שטראָף, פירט ער נישט אױס קײן מאָראַלע ווערט, נאָר ער פירט אױס אַ פרעמדן באַפעל, וואָס דערנידעריקט און באַלײדיקט אים אין זײַן חשיבות. אַנדערש איז אָבער ווען ער פירט אױס אָט דעם געבאָט אױס אַ אינעווײניקסטער נויטווענדיקײט אָדער דורך אַ פרײַער זעלבסטבאַשטימונג.

מע קען אויך פרעגן, אויב מע זאָל זיך האַלטן בײַ אײביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן איז ווי אַזוי וועט דער מענטש דעמאָלט קענען אויסמײַדן דעם שעדלעכן קאָנפאָרמיזם? וועט דער מענטש דעמאָלט נישט פאַרזונקען ווערן אין דער צופרידנקײט פון זײַנע מעשים און וועט מער נישט זוכן זיך צו דערהײבן?

דער ענטפער אויף דעם איז אַז די אײביקע מאָראַלע ווערטן זײַנען

נישט עפּעס אַ זאַך וועלכע לאָזט זיך לייכט רעאַליזירן. דאָס איז אַ אי־דעאַל צו וועלכן יעדער איינער דאַרף אַ גאַנצן לעבן שטרעבן אויף צו קענען דערגרייכן. פּונקט ווי קיינער קען קיין מאָל אין גאַנצן נישט אויסשעפּן די מאָס פון גוטסקייט און גערעכטיקייט, אַזוי קען קיינער אין גאַנצן נישט אויסשעפּן דאָס וואָס מע געפינט אין פּאָטענץ אין די אייביקע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן.

## 20. רעלאַטיוו איז די מאָראַל פון פליכט און אַבסאָלוט איז די מאָראַל פון אַחריות

די צוויי קוואלן פון מאָראַל זיינען: 1) די מאָראַל פון פליכט, וואָס איז רעלאַטיוו, און 2) די מאָראַל פון אַחריות, וואָס איז אַבסאָלוט. די פליכט קומט אויף ווי דער ערשטער מאָראַלער אימפּולס. זי איז זייער ענלעך אויף דעם אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף וואָס מע געפינט ביים בעל־חי. זי וואַקסט אַרויס פון באַדינגונגען און פירט אויס דעם באַפעל פון דעם וואָס מע באַטראַכט פאַר „דאָס העכסטע גוטס". אויב „דאָס העכסטע גוטס" באַשטייט אינעם זיין אונטערטעניק דער „הער־שנדיקער אויטאָריטעט", אָדער דער „הערשנדיקער עפנטלעכער מיי־נונג", וועט זי עס זיין. די פליכט פירט שטענדיק אויס דעם לעצטן פאָראורטייל.

קאַנט האָט אין דער מאָראַל פון פליכט געפּרווווט אַריינפירן אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג. ער האָט באַהויפּטעט אַז די פליכט מוז זיך נישט אָריענטירן אויף „דאָס העכסטע גוטס", אָדער אויף אַ פאָרויס באַשטימטן ציל. עס הייסט, אַז עס דאַרף נישט זיין קיין פליכט לשם עפּעס, נאָר עס דאַרף זיין אַ פליכט לשם פליכט, גלייך ווי די עצם פליכט וואָלט געוועזן דאָס העכסטע גוטס. אַזאַ פליכט האָט קאַנט גערופן קאַ־טעגאָרישער אימפּעראַטיוו. כדי אָט די פליכט זאָל נישט אַריינפאַלן אין אַ רעלאַטיוויזם האָט קאַנט פאָרגעלייגט צוויי פונדאַמענטאַלע באַוואָ־רענישן. ערשטנס מוז אַזאַ פליכט אויסגעפירט ווערן דורך אַ „אויטאָ־נאָמען ווילן", וואָס זאָל פריי זיין פון נייגונגען און אינטערעסן. צוויי־טנס, מוז אַזאַ פליכט זיך אונטערוואַרפן דעם כלל, אַז דו זאָלסט קיין מאָל נישט באַטראַכטן דעם מענטשן ווי אַ מיטל צו עפּעס, נאָר שטענ־דיק ווי אַ ציל אין זיך גופא. קאַנטס באַוואָרעניש קען קיין מאָל אין

לעבן נישט דורכגעפירט ווערן: נישט ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי „אויטאָ־נאָמער ווילן", ווייל אונטער ווילן געפינט זיך שטענדיק אַ באַגער, און נישט ס'איז מעגלעך אויסצופירן אַז דער מענטש זאָל זיין בלויז אַ ציל אין זיך גופא, ווייל דער מענטש איז אין תוך אַ געזעלשאַפטלעכע באַשעפעניש. פונקט ווי די געזעלשאַפט באַנוצט זיך מיטן מענטשן אַזוי באַנוצט זיך דער מענטש מיט דער געזעלשאַפט.

פון קאַנטס מאָראַל איז קאָנקרעט געבליבן בלויז די אומפאַרמייד־לעכע פליכט, אָדער דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו. דאָס איז שטאַרק געווען אין גייסט פונעם דייטשן פאָלק, וואָס האָט שטענדיק פאַרהייליקט די מאָראַל פון פליכט. דערפון זיין דיסציפּלינירטע אונ־טערטעניקייט.

וואָס נידעריקער ס'איז די קולטור־מדרגה אין וועלכער דער מענטש געפינט זיך, אַלץ מער איז ער באַהערשט פון דער מאָראַל פון פליכט. עס קומט אויס גלייך ווי דער מענטש וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן זיין אינדיווידועלע אחריות און וואָלט זיך איבערגעגעבן דעם הערשנ־דיקן געזעלשאַפטלעכן דרוק. די מאָראַלע געוווינהייטן אימפּאָנירן זיך דעמאָלט גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אַ ביאָלאָגישער געזעץ. אָט דער צושטאַנד דערמאָנט שטאַרק דעם אינסטינקט פון קעגנזייטיקער הילף וואָס איז אַזוי אייגן דעם בעל־חי. אויך דאָרטן הערשט בלויז די מאָ־ראַל פון פליכט. בינען און מערעשקעס האָבן בכלל נישט קיין פּרי־וואַטע אינטערעסן. זיי דינען בלויז דער געזעלשאַפט. זיי פירן אויס פליכטן אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן. מיר זעען עס אויך ביי שטוב־חיות.

דער פּרימיטיווער מענטש האָט אויך געקענט בלויז די מאָראַל פון פליכט. ער האָט געטאָן בלויז דאָס וואָס די „הערשנדיקע אידעען" פון זיין שטאַם האָבן אים דערלויבט. פאַר אים האָט יעדע פליכט געהאַט אַ ספּעציעלן זינען. אין אַלץ האָט ער געזען פּערזאָניפיצירט דעם גע־זעץ פון שכר ועונש. די מצוות־עשהס ווערן דורכגעפירט דורך דעם כוח פון כישוף און די מצוות־לא־תעשהס ווערן אויסגעפאָלגט דורך טאַבוס. נישטאָ קיין סימן ביים פּרימיטיוון פון דעם וואָס מע רופט „קאַמף פון אַלע קעגן אַלע". נישטאָ ביי אים אַזאַ ריין אינדיווידועלע עגאָיִסטישע מאָראַל. דער יחיד איז שטענדיק אונטערגעוואָרפן אַ שטרענגער געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין. ער האָט נישט קיין רעכט צו צעברעכן דעם איינגעשטעלטן סדר פון זיין משפּחה, קלאַן, אָדער שבט

וועלכער ווערט פּראָטעזשירט פון איבערנאַטירלעכע כוחות, ווי גע־טער, גייסטער און נשמות פון פאַרשטאָרבענע פירערס (קאַציקן, כוהנים, מאַגיקער וכדומה).

דער פּרימיטיווער האָט נישט געקענט קיין אַנדערע פליכטן ווי בלויז די וועלכע די געזעלשאַפט האָט אויף אים אַרויפגעצוווּנגען. די טרייבקראַפט פאַר דעם איז געווען די מורא פאַר דאָס איבערנאַטיר־לעכע.

בקיצור, יעדע מאָראַל וואָס וואַקסט אַרויס פון געזעלשאַפטלעכע נויטן, אָדער וואָס וואַקסט אַרויס בלויז פון די נויטן פון איין קלאַס, איין פאָלק, איין תקופה, מוז זיין אַ **מאָראַל פון פליכט**. מיטן בייטן זיך פון די באַדינגונגען בייטן זיך אויך די פליכטן.

אַנדערש איז אָבער די **מאָראַל פון אַחריות**. כאָטש דער באַגריף אַחריות שיינט צו זיין דאָס אייגענע וואָס פליכט איז ער עס אין דער אמתן נישט. אַ פליכט האָט מען אַ נויטווענדיקייט אויסצופירן. אַחריות נעמט מען פרייוויליק אויף זיך. אַ פליכט פאָלגט מען אויס, אַחריות טראָגט מען. אַ פליכט קען מען אַרויפצווינגען, אַחריות מוז מען אַליין אויסקלייבן. פליכטן האָט אויך דער בעל־חי, אַחריות איז אייגן בלויז דעם מענטשן. פליכט מיינט אונטערטעניקייט, אַחריות מיינט פרייהייט.

דער אַריינטריט פון דעם היינטיקן מענטשן אין דער געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן מאָמענט ווען ער האָט אויף זיך גענומען די אינדיווידועלע אַחריות פאַר זיינע מעשים. דער פּרימיטיווער האָט געוווּסט בלויז פון פליכטן, דער היינטיקער מענטש ווייס אויך פון אַחריות, ווייל ער האָט דעם באַוווּסטזיין פון זיין פרייהייט און חשיבות.

אַחריות מיינט אין ייִדיש אויך פאַראַנטוואָרטלעכקייט. יעדער איינער מוז „ענטפערן" פאַר דעם שאָדן וואָס ער קען ברענגען דער געזעלשאַפט, ווי, למשל, ער מוז „ענטפערן" פאַרן עובר זיין אויף די געזעצן וועלכע זיינען פאַרשריבן אין דעם ציווילן קאָדעקס און קרי־מינעלן קאָדעקס. ער מוז אויך „ענטפערן" ווען ער דערפילט נישט דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט. די מאָראַלע אַחריות איז אָבער גאָר פון אַן אַנדער מין, נישט ער האָט פאַר וועמען עס איז זיך פאַרפליכ־טעט און נישט ער האָט וועמען צו „ענטפערן" פאַר אַ באַגאַנגענער זינד. דער איינציקער מיט וועמען ער האָט געשלאָסן אַ „אָפּמאַך" איז מיט זיין אייגענער חשיבות. די חשיבות פאָדערט פון אים ער זאָל

אויף זיך נעמען אַחריות, און די חשיבות פאָדערט פון אים אַז ער זאָל „ענטפערן" פאַרן נישט דערפילן דעם „אָפּמאַך".

מען איז אָפט געווינט צו פאַרבייטן חשיבות מיט כבוד. כבוד קען מען געבן און מע קען אויך צונעמען. חשיבות קען מען נישט געבן און מע קען נישט צו נעמען. דערמיט ווערט מען געבוירן. ס'איז גוט באַקאַנט ווי אַזוי דער ייִד האָט זיך געמוזט דערנידעריקן פאַרן פריץ, ווי אַזוי ער האָט מוותר געווען אויף זיין כבוד, אָבער צו זיין חשיבות (אויב ער האָט עס נאָר געהאַט) האָט דער פריץ קיין מאָל קיין צו־טריט נישט געקענט האָבן. דער ייִד האָט זייער הויך געשעצט זיין גייסטיקע וועלט, וואָס ער האָט באַטראַכט ווי דער צייכן פון „צלם אלהים" (גאָטס געשטאַלט). איז ווער קען דאָס ביי אים צונעמען? דער פריץ, דער כאַם, וואָס ווייס נאָר צו פרעסן און זויפן און צאַפּן דאָס בלוט ביי מענטשן?

דער פאַקט וואָס קיינער קען נישט אָפּנאַרן זיין אייגענע חשיבות (אויב ער האָט עס), ער קען ביי איר גאָר נישט צונעמען און גאָר נישט צוגעבן, דערוווייזט אויפן בעסטן אופן אַז עס זיינען פאַראַן אָב־יעקטיווע און אַבסאָלוטע מאָראַלע ווערטן. דער פאַקט וואָס זינט דער מענטש האָט אַ געשיכטלעכן זיכרון האָט זיך זיין באַגריף וועגן מענטשלעכער חשיבות נישט געביטן, דערוווייזט אַז אָט די מאָראַלע ווערטן זיינען אויך אייביק, אויף וויפל דער מענטשלעכער מין איז אייביק.

אַלע פאָרמען פון באַרבאַריע, אויך די באַרבאַריע פון אונדזער צייט, איז דורכגעפירט געוואָרן מיטן כוח פונעם „מאָראַל פון פליכט" אָבער קיין מאָל נישט מיטן כוח פון „מאָראַל פון אַחריות". אין דער געשיכטע איז נישט באַקאַנט קיין איין פאַל ווו די „מאָראַל פון אַחריות" זאָל באַגיין רשעות.

ס'איז גאָר נישט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז דאָס וואָס מיר רופן קולטור־פּראָגרעס איז אין מאָראַלן זינען אַ רעגרעס. קולטור מיינט אין תוך סיסטעמאַטיזירן די מאָראַלע אַחריות און זי פאָרמולירן אין פליכטן. ווען עס וואָלט מעגלעך געווען צו געפינען אַ מענטשלעכע געזעלשאַפט וואָס זאָל אין גאַנצן פריי זיין פון מיטאָסן, ווי פאַראור־טיילן און איבערגלייבערישקייטן, וואָלט מען זיכער אויסגעפונען, אַז די מאָראַלע אַחריות איז ביי זיי שטאַרקער ווי ביי דעם ציוויליזירטן.

צום באַדויערן קען דער פּרימיטיווער מענטש נישט גענומען ווערן ווי אַ ביישפּיל, ווייל ער איז נאָך מער באַהערשט פון מיטאָסן ווי דער ציוויליזירטער מענטש. רוסאָס טעאָריע, אַז אַלץ וואָס מע געפינט ביים ציוויליזירטן איז שלעכט און אַלץ וואָס מע געפינט ביים פּרימיטיוון איז גוט, וואָלט געוווען ריכטיק ווען מען וואָלט דעם פּרימיטיוון געקענט געפינען אין זיין „ליידיקן" צושטאַנד (אָן מיטאָסן). ווי אַזוי אָבער קען מען געפינען דעם פּרימיטיוון אין אַ „ליידיקן" צושטאַנד?

דערמיט מיינען מיר נישט גרינגצושעצן אויף אַ האָר די אַלע סאָציאַלע רעפאָרמען וואָס דער קולטור-פּראָגרעס האָט מיט זיך געבראַכט, ווי, למשל, די פאַרקירצונג פון אַרבעטס-טאָג, סאָציאַלע פאַרזיכערונג וכדומה. דער עיקר, וואָס דער אַרבעטער האָט דורך דעם באַקומען זיין חשיבות. ווי שטאַרק אָבער עס זאָלן נישט זיין די דערגרייכונגען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט קענען זיי דאָך נישט פאַרבייטן די מאָראַלע גערעכטיקייט. דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם קען נישט פאַרבייטן דעם עטישן סאָציאַליזם. אַוודאי איז פאַראַן אַ קלאַסן-מאָראַל, ווי דאָס האָט באַהויפּטעט דער מאַרקסיזם, דאָס איז אָבער נישט מער ווי די מאָראַל פון פליכט (רעלאַטיווע מאָראַל). פאַראַן אָבער אַ ריין הומאַניסטישע מאָראַל וואָס מוז זיין הייליק פאַר אַלע סאָציאַלע קלאַסן און שיכטן. דאָס איז די מאָראַל פון אחריות, וואָס איז אַבסאָלוט און אייביק.

די סאָציאַלע גערעכטיקייט, ווי גרויס עס זאָלן נישט זיין אירע דערגרייכונגען, וועט זי אַלץ מוזן בלייבן אין די גרענעצן פון דער „מאָראַל פון פליכטן". ווייל זי וועט זיך מוזן באַזירן אויף געזעצן וואָס רעגולירן די באַציִונגען צווישן אַרבעטס-געבער, אַלץ איינס צי דאָס איז אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, צי אַ מלוכה-אונטערנעמונג, און לוין-אַרבעטער. זי וועט אַלץ מוזן זיין אַ רעלאַטיווע מאָראַל. להיפּוך צו דעם וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן באַהויפּטעט אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" וועט די מאָראַל קיין מאָל נישט קענען אָפּגעשאַפט ווערן.

די סאָציאַלע גערעכטיקייט אָדער דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם קען קיין מאָל נישט מאַכן אַז דאָס וואָס אַלע פעלקער האָבן אין אַלע צייטן באַטראַכט פאַר אַ זינד זאָל אָנגענומען ווערן ווי אַ טוגנט, סיידן זיי זאָלן ווערן באַרבאַרן. אַזוי האָט יעדער ערלעך פאָלק באַטראַכט פאַר אַ זינד דאָס זאָגן אַ ליגן, באַליידיקן און דערנידעריקן

**אַ מענטשן, צי זאָגן פאַלשע עדות, נישט זיין אויפריכטיק, אָפּנאַרן, פעלשן, צביעות, אינטריגע, אומגעטריישאַפט, פאַלשע פריינדשאַפט, חניפה, שווינדל, נישט האַלטן קיין וואָרט, אַכזריות, פאַרדאָרבנקייט און דער עיקר הייליק האַלטן דאָס לעבן פון אַ מענטש, ווי דאָס געבאָט: דו זאָלסט נישט הרגענען.**

ווייסן מיר פון דער טענה: ווי אַזוי קען מען ריידן וועגן אַן אַבסאָלוטן מאָראַלן ווערט פון דעם געבאָט „נישט זאָגן קיין ליגן", ווען עס האַנדלט זיך אין אַ קראַנקן? אויב דער קראַנקער האָט געציילטע טעג צום לעבן, איז מאָראַליש באַרעכטיקט צו זאָגן אים דעם אמת? בשום אופן נישט! ווייל דער ליגן וואָס מע זאָגט דעם קראַנקן איז קיין ליגן נישט! זאָגן אַ ליגן מיינט, אין מאָראַלן זינען, יענעם אָפּנאַרן, כדי צו שעדיקן זיינע אינטערעסן אָדער זיין חשיבות. אָבער אין פאַל מיטן קראַנקן איז דאָך נישטאָ קיין אינטערעס אים צו ברענגען שאָדן אָדער צו באַליידיקן אין זיין חשיבות. פאַרקערט, דערמיט פילט מען אויס דאָס העכסטע מאָראַלע געבאָט ווי „דו זאָלסט הייליק האַלטן דעם מענטשנס לעבן", במילא, איז דאָס קיין ליגן נישט.

די פראַגע איז, צי איז מעגלעך צו מאַכן אַ חילוק צווישן אַ ביאָלאָגישער רעלאַטיווער פליכט און אַ הומאַניסטישער אַבסאָלוטער פליכט. אויב איינער פירט אויס אַ פאַלשע פליכט, אונטערן דרוק פון די באַדינגונגען, און ער גלייבט אַז דאָס איז אַ ריכטיקע פליכט, איז ווי אַזוי קען מען אים איבערצייגן, אַז ער האָט געהאַנדלט פאַלש? מיט אַנדערע ווערטער, ווי אַזוי קען מען טאַדלען אַ מענטשן פאַר דאָס שלעכטס וואָס ער טוט, אויב ער גלייבט אַז ער האָט געהאַנדלט לויט זיין געוויסן?

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט איז די „שטים פון געוויסן" ווייט נישט קיין בלינדער אימפּולס, ווייל ווען מע האַנדלט אימפּולסיוו איז נישטאָ קיין געוויסן. דער געוויסן הייבט זיך אָן דעמאָלט ווען מע באַקומט דעם באַוווּסטזיין פון דעם וואָס מע טוט. געוויסן מיינט די אייגנשאַפט צו אורטיילן וועגן דעם מאָראַלן ווערט פון מענטשלעכע האַנדלונגען. דערפון, דאָס פונדאַמענטאַלע פּראָבלעם: אויב דאָס געוויסן איז דער זעלבסט-געקרוינטער גזעץ-געבער איז פאַר וואָס זאָל ער איין מאָל זיין מאָראַליש גוט און אַן אַנדער מאָל מאָראַליש שלעכט? פאַר וואָס איז גוט דער געוויסן ווען ער שטייט איין ביי אַ ערלעכן מענטשן, און פאַר וואָס איז ער שלעכט ווען ער שטייט איין ביי אַ

מענטשן וואָס האָט אַ פאַרדאָרבענע נאַטור? קען מען דאָס אַלץ דער־קלערן מיט דער פסיכאָלאָגיע פון כאַראַקטער?

פאַר די רעלאַטיוויסטן איז דאָס קיין פּראָבלעם נישט. ווייל גראָד אין דעם געפינען זיי אַ באַשטעטיקונג פאַר זייערע באַהויפּטונגען. היות יעדע האַנדלונג ווערט באַשטימט פון באַדינגונגען ווערט אויך דאָס געוויסן באַשטימט פון באַדינגונגען. במילא קומט אויס, אַז דער צדיק, ווי דער רשע זיינען גלייך גערעכט. אָט צו אַזאַ פאַרצווייפלטן סקעפּטיציזם האָבן די רעלאַטיוויסטן דערפירט דער מענטשהייט. דער־פון דער פאַרצווייפלטער מאָראַלער קריזיס פון אונדזער תקופה. דער גערעכטער ווי דער אומגערעכטער ריידן איין שפּראַך. ווען מע געפינט זיך אויף דעם הערשנדיקן רעלאַטיוויסטישן באָדן קען מען נישט באַ־שטימען ווער ס׳איז מאָראַליש גערעכט און ווער ס׳איז מאָראַליש אומ־גערעכט, ווייל ביידע זיינען נישט מער ווי פּראָדוקטן פון באַדינגונגען.

צום גליק האָט אויך אין דעם די נאַטור באַזאָרגט דעם מענטשן. זי האָט אים געגעבן דעם כוח זיך קעגנצושטעלן. דער כוח איז אַחריות. להיפּוך פון דעם וואָס מע האָט כסדר געלערנט, טאָר זיך די מאָראַל נישט באַזירן בלויז אויף פליכטן. דערמיט וואָס עמעצער גלייבט אַז ער פירט אויס אַ מאָראַלן פליכט, מעג אַפילו אין דעם זיין הערואיזם אָדער מסירות־נפש, איז נאָך זיין אַקט נישט קיין מאָראַלישער. אַ באַווייז פאַר דעם זיינען אַלע מינים אויטאָריטאַרע (טאָטאַליסטאַרע) רעזשימען וואָס באַזירן זיך בלויז אויף דער מאָראַל פון פליכט.

דער פסיכאָלאָג וויקטאָר פראַנק האָט פאַרגעלייגט, אַז מע זאָל היילן נערוון־קראַנקע מיט דעם וואָס מע וועט ביי זיי אַרויסרופן אַחריות. ער האָט זיין טעאָריע גערופן **לאָגאָטעראַפּיע**, עס הייסט היילן דורך לאָגיק (59).

כדי אַן אַקט אָדער פליכט זאָל האָבן אַ מאָראַלן ווערט מוז ער זיך באַזירן אויף יעדן איינעמס **אַחריות**. אויב אַ מענטש איז נאָר פסיכיש נישט קראַנק, ווייס ער זייער גוט וואָס אַזוינס איז גערעכט און וואָס אַזוינס ס׳איז אומגערעכט. ער ווייס אויך אַז ער קען נישט מאַכן אַז דאָס וואָס איז אומגערעכט זאָל ווערן גערעכט אָדער פאַר־קערט. אויך ווייס ער, אַז קיינער קען נישט בלייבן ערלעך צו זיך

(59) Viktor E. Frankl, *Psicoanálisis y Existencialismo*, Fondo de Cultura Económica, México - Buenos Aires, 1960, pág. 239-313.

אויב ער וואַרפט אַראָפּ די אַחריות פון זיינע מעשים, און הענגט זי אָן אויף דער „הערשנדיקער אויטאָריטעט” אָדער „הערשנדיקער עפנט־לעכער מיינונג”, וואָס מוזן זיין רעלאַטיוו. אויך ווייס ער אַז קיינער קען נישט בלייבן ערלעך צו זיך אויב ער טוט אַנדערש פון דעם וואָס איז בהסכם מיט זיין מענטשלעכער חשיבות. און די מענטשלעכע חשיבות פאָדערט פון אים, אַז ער זאָל קיין מאָל נישט טאָן עפּעס אַזוינס וואָס זאָל זיין בלויז צוליב באַדינגונגען, וואָס מוזן זיין רעלאַ־טיוו, נאָר שטענדיק אויס רעספּעקט צו דעם אָביעקטיוון אייביקן און אַבסאָלוטן מאָראַלן געזעץ, וואָס יעדער איינער טראָגט אין זיך.

די מאָראַל פון פליכט מוז מען שטענדיק מעסטן מיט דער מאָראַל פון אַחריות.

נאָך הונדערט יאָר פון דערפאַרונג איז די העכסטע צייט דורכ־צופירן אַ רעוויזיע אויף די הערשנדיקע טעאָריעס פון רעלאַטיווער מאָראַל, וואָס באַזירט זיך אויף דעם עוואָלוציע־פּרינציפּ.

